בעטגעוואַנט, און ערשט נאָכדעם שלעפּן די ווײַבער איינציקווייז. און דאָס האָט אַלץ געטאָן לייזער. ער איז טאַקע אַ בייזער ייִד און שילט מיט טויטע קללות. ער איז אָבער אַן ערלעכער, אַ געטרײַער בעל-עגלה. אַן עבֿירה, וואָס ער האָט אונדז אָפּגעוואָרפֿן מיט די פּעקלעך און מיטן בעטגעוואַנט אויף דער סטאַנציע פֿון דער באַן, און אַליין איז ער אַוועק זוכן פּאַרשוינען אויף צוריק. מיר זײַנען געבליבן אָן אים עלנט, ווי אויפֿן וואַסער. ערשטנס, האָט אונדז דער גוי פֿון דער באַן אָנגעטאָן צרות. ער האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז פֿאַר די פּעקלעך. און נישט אַזוי פֿאַר די פּעקלעך, ווי פֿאַרן בעטגעוואַנט. זײַן עסק, וואָס מיר פֿירן אַ סך קישנס. די מאַמע רעדט צו אים מיט גוטן. זי זאָגט אים, אַז מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע. ווערט ער גזלן און זאָגט אונדז, אַז מיר זאָלן פֿאָרן אין אַזאַ אַן אָרט, וואָס איך שעם מיך אויסצוזאָגן.

- מע דאַרף מיטן ערל שלאָגן בלאָט, אים עפּעס נתנען אויף דער יד -...

אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו צו אונדזער חבֿר פּיניע. אונדזער חבֿר פּיניע איז אונדזער פֿירער, אונדזער קאָפּ. ער קאָן ריידן גוט רוסיש. אַ חסרון, וואָס ער איז אַ ביסל צו אַ היציקער. מײַן ברודער אליהו איז אויך אַ גוטער כּעסן, אָבער נישט אַזוי היציק, ווי פּיניע. באַלד צינדט ער זיך אָן ווי אַ פֿײַער, און זידלט זיך. ער גייט צו צום גוי און טוט מיט אים אַ שמועס אויף רוסיש. איך גיב עס אײַך איבער מיט זײַן רוסישער שפּראַך און זעץ עס אײַך באַלד איבער אויף אונדזער לשון:

- סלוכיי נאָ, טשאָלאָוויקו! טשאָרט טאָבי נע וזיאַוו קאַק מי פּאָיעכאַלי וו'אַמעריקו איז מנאָזשעסטוונע טשיסלאָ פּאָדושקי אי פּאָדושעטשקו קאַטאָרע מי טאָבי דאַל נאַ וואָדקע אי מאָלטשי סוויניאַ!

אויף ייִדיש קומט דאָס אויס אַ סך שענער:

- הער נאָר, דו מענטשל! דער שוואַרץ-יאָר וועט דיך נישט נעמען, וואָס מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע מיט אַ סך קישנס און קישעלעך, פֿאַר וועלכע מיר געבן דיר אַ טרונק בראָנפֿן - און שווײַג, חזיר!

אַוודאי האָט אים דער גוי ניט אָפּגעשוויגן. ער האָט אים אָנגערופֿן מיט אַלערליי נעמען: "זשיד כאַלאַמייז", "הינטישע מאָרדע", "חזירשער אויער", "פּאַהאַנער גלויבן". מיר האָבן מורא געהאַט פֿאַר אַ סקאַנדאַל, פֿאַר פּאָליציע. מײַן מאַמע האָט שוין געבראָכן די הענט, געוויינט פֿאַר פּיניען:

- ווער האָט דיך געבעטן, זאָלסט אַרויס מיט דײַן צונג, באַווײַזן, אַז דו קענסט?

- האָט קיין מורא נישט, דער ערל וועט נעמען אַ חצי רו"כּ, און מע וועט זיך איבערבעטן.

כּך הוה. זיי האָבן זיך טאַקע איבערגעבעטן. פּיניע האָט נישט אויפֿגעהערט צו שיטן מיט רוסיש. דער ערל האָט נישט אויפֿגעהערט צו שילטן און האָט איבערגעטראָגן אַלע פּעקלעך מיט אַלע קישנס אין אַ גרויסע שטוב מיט הויכע פֿענצטער, וואָס מע רופֿט דאָס "וואָקזאַל". און ערשט דאָ הייבט זיך אָן די רעכטע חתונה. וואָס איז שוין ווײַטער? דער גוי זאָגט, אַז מע וועט אונדז נישט אַרײַנלאָזן אין וואַגאָן אַרײַן מיט אַזוי פֿיל קישנס און מיט אַזוי פֿיל שמאַטעס (דאָס מיינט ער, אַ פּנים, די קאָלדרעס: אַ ביסל צעריסן דער אונטערשלאַק, זעט זיך אַרויס די וואַטע, הייסט דאָס שוין בײַ אים שמאַטעס!). עס בלײַבט, מע זאָל גיין צום "נאַטשאַלניק". ווער זאָל גיין? געוויינלעך, פּיניע! פּיניע גייט מיטן גוי צום "נאַטשאַלניק". איך גיי זיי נאָך. מיטן "נאַטשאַלניק" שטעלט זיך אַוועק פּיניע אויסטענהן שוין גאָר מיט אַן אַנדער לשון. ער בייזערט זיך שוין נישט אַזוי שטאַרק, נאָר ער רעדט און מאַכט מיט די הענט. ער זאָגט אים עפּעס מאָדנע ווערטער, וואָס איך האָב זיי קיינמאָל נישט געהערט: "קאָלומבוס"... "ציוויליזאַציע"... "אַלעקסאַנדער פֿאָן הומבאָלד * "... "סלאָנימסקי * "... "מאַטעמאַטיקע"... די איבעריקע ווערטער האָב איך שוין פֿאַרגעסן. דער "נאַטשאַלניק" האָט אים גוט אויסגעהערט, אָנגעקוקט און אָפּגעשוויגן. אַ פּנים, אַז פּיניע האָט אים גוט דערלאַנגט! פֿונדעסטוועגן, האָט דאָס אויך נישט געהאָלפֿן. מע האָט געמוזט אַוועקגעבן דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט אין באַגאַזש און אַרויסנעמען אַ קוויטאַנציע. די מאַמע איז געוועזן אויסער זיך: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפֿן?

- ב -

די מאַמע האָט זיך אומזיסט געזאָרגט: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפֿן? איך בין אײַך שוין מוחל דאָס שלאָפֿן. איך וואָלט אַ בעלן געווען, ס'זאָל כאָטש זײַן וווּ צו זיצן. ווי אויף צו-להכעיס, איז אין וואַגאָן אַזוי ענג, אַז מע קאָן דערשטיקט ווערן. אַחוץ אונדז, פֿאָרן נאָך אַ סך פּאַרשוינען, ייִדן און קריסטן, און מע שלאָגט זיך פֿאַר די ערטער. איבערן בעטגעוואַנט האָבן מיר פֿאַרשפּעטיקט אַלע בעסטע ערטער. מיר האָבן קוים באַזעצט די ווײַבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד. די מאַמע איז אײַן זײַט וואַגאָן, ברכה און טײַבל אין דער אַנדערער זײַט וואַגאָן. אַז זיי ווילן ריידן, מוזן זיי שרײַען הויך איבערן גאַנצן וואַגאָן. לאַכט מען פֿון זיי. מײַן ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פּיניע זײַנען געבליבן הענגען ווי אין דער לופֿטן, ניט אַהין, ניט אַהער. פּיניע איז בלינד, כאַפּט ער אַלע מאָל אַ קלאַפּ אין שטערן. און איך? פֿאַר מיר זאָרגט אײַך נישט. מיר איז גוט. מיר איז אויסגעצייכנט. מע

קוועטשט מיך טאַקע פֿון אַלע זײַטן. איך שטיי אָבער בײַ אַ פֿענצטער. דאָס, וואָס איך זע, האָט איר געוויס קיינמאָל ניט געזען. פֿאַר מײַנע אויגן פֿליִען שטיבער, וויאָרסטן, ביימער, מענטשן, פֿעלדער, וועלדער - ס'איז ניט צו באַשרײַבן! און וויִאַזוי פֿליט די באַן! און וויִאַזוי קלאַפּן די רעדער! וויִאַזוי טראַסקעט דאָס! וויִאַזוי פֿײַפֿט דאָס! וויִאַזוי קוויטשעט דאָס! די מאַמע האָט מורא, איך זאָל ניט אַרויספֿאַלן דורכן פֿענצטער, שרײַט זי אַלע מינוט אויף אַ קול: "מאָטל! מאָטל?" און עפּעס איינער אַ פּריצל מיט בלויע ברילן קרימט איר איבער און זאָגט איר נאָך מיטן אייגענעם ניגון: "מאָטל! מאָטל?" אַלע קריסטן לאַכן. די ייִדן מאַכן זיך ניט וויסנדיק. די מאַמע הערט זיי אַוודאי ווי דעם פֿאַראַיאָריקן שניי. זי הערט ניט אויף צו שרײַען: "מאָטל! מאָטל?" וואָס וויל זי ווײַטער? זי וויל, איך זאָל עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן. מיר פֿירן מיט זיך פֿון כּל-טובֿ: רעטעך, און ציבעלעס, און קנאָבל, און גרינע אוגערקעס, און האַרטע אייער, אויף יעדן איינציקן אַן איי. איך האָב שוין לאַנג נישט אַזאַ הנאה געהאַט פֿונעם עסן. אַביסל האָט אונדז פֿאַרשטערט די סעודה טאַקע פּיניע אַליין. ער דאַרף זיך אָננעמען דעם ייִדנס קריוודע. ער קאָן ניט לײַדן, למאַי די קריסטן לאַכן, וואָס מיר עסן ציבלקעס מיט קנאָבל. ער ציט זיך אויס, ווי לאַנג ער איז, און רופֿט זיך אָן צום פּריצל, וואָס מיט די בלויע ברילן, אויף זײַן רוסישער שפּראַך:

- אַ קאַק ווי קושאַיעטע סוויניאַ? (און אַז איר עסט חזיר?)

די דאָזיקע ווערטער האָבן דערלאַנגט די קריסטן ביזן ביין אַרײַן. איינעם פֿון זיי האָט דאָס, אַ פּנים, אָנגענומען בײַ דער לעבער. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און האָט אַראָפּגעלאָזט אונדזער חבֿר פּיניען אַ פּאַטש, אַז עס האָט געגעבן אַ קלונג. פּיניע האָט פֿײַנט אָפּשווײַגן. ער האָט אים געוואָלט געבן צוויי צוריק. איז ער דאָך אָבער בלינד. טרעפֿט ער אין אַן אַנדער קריסט. אַ גליק, וואָס עס קומט אַרײַן דער קאָנדוקטאָר מיטן אָבער-קאָנדוקטאָר, און עס ווערט אַ טומל, אַ מהומה. אַלע ריידן. די ייִדן קלאָגן זיך אויף די קריסטן. איינעם האָט מען אָפּגעקוועטשט אַ פֿינגער פֿון פֿוס מיט אַ טשעמאָדאַן. איינעם האָט מען אַרויסגעוואָרפֿן דאָס היטל דורכן פֿענצטער. די קריסטן שרײַען: ס'אַ ליגן! ס'אַ בילבול! די ייִדן שטעלן עדות, און דווקא צוויי קריסטן. איינער פֿון זיי איז אַ גלח. אַ גלח וועט ניט זאָגן קיין ליגן. די קריסטן זאָגן, אַז די ייִדן האָבן אונטערגעקויפֿט דעם גלח. דער גלח האָלט אַ גאַנצע דרשה. עס לויפֿן אָפּ אַזוי עטלעכע סטאַנציעס. אויף יעדער סטאַנציע לייזיקט אויס דער וואַגאָן אַ פּאָר פֿאַרשוינדלעך. עס ווערט אַלע מאָל גראַמער. אונדזערע ווײַבער זיצן שוין, ווי די פּריצות, אויף די בענק מיט זייערע פּעקלעך. מײַן ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פּיניע האָבן זיך מחיה געווען. זיי האָבן די בעסטע ערטער. ערשט דאָ דערזעט טײַבל, אַז בײַ איר מאַן פּיניע איז אויפֿגעלאָפֿן אַ באַק, און מע קאָן דערקענען פֿינגער. טײַבל איז אויס מענטש. זי האָט אויף אים רחמנות. פּיניע שווערט איר, אַז ער פֿילט ניט קיין זאַך. ער פֿילט נאָר, ווי סע שמאַרצט. ס'וועט באַלד איבערגיין. ער האָט פֿײַנט ריידן פֿון אַזעלכע זאַכן. ער רעדט בעסער מיט די ייִדן. ער פֿרעגט זיי, וווּהין זיי פֿאָרן. אַ סך פֿון זיי פֿאָרן קיין אַמעריקע. דערהערט, אַז קיין אַמעריקע, ווערט אויף אונדז אַ גדולה.

- סטײַטש, וואָס-זשע האָט איר געשוויגן ביז אַהער? מיר פֿאָרן דאָך אויך קיין אַמעריקע!

אַזוי זאָגט זיי פּיניע, און מיר ווערן גיך באַקאַנט. מיר ווייסן אַלע, פֿון וואָסער אַ שטאָט איטלעכער פֿאָרט און צו וועמען.

- איר קיין ניו-יאָרק? מיר קיין פֿילאַדעלפֿיע!

- וואָס איז דאָס פֿילאַדעלפֿיע?

- אויך אַ שטאָט, ווי ניו-יאָרק.

- פּאַוואָליע, האַלט זיך אײַן! פֿילאַדעלפֿיע קעגן ניו-יאָרק איז אַזוי ווי איישישאָק קעגן ווילנע, דראַזשנע קעגן אַדעס, אָטוואָצק קעגן וואַרשע, סעמיאָנעווקע קעגן פּעטערבורג, קאָזעלעץ קעגן כאַרקאָוו...

- טע-טע-טע! איר זײַט דאָך עפּעס אויסגעוווען אַ וועלט, קיין עין-הרע!

- לאָם איך עס פֿאַרמאָגן! אויב איר ווילט, וועל איך אײַך אויסרעכענען אַלע שטעט, וואָס איך בין דאָרט געווען...

דאָס לאָזט איבער אויף שבת. זאָגט בעסער, ייִדן, וואָס טו איך מיט דער גרענעץ?

- איר וועט טאָן דאָס, וואָס מיר טוען, דאָס וואָס אַלע טוען.

דאָ רוקן זיך צונויף אַלע ייִדן אינאיינעם, און מע שמועסט וועגן גנבֿענען די גרענעץ. איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס הייסט דאָס "גנבֿענען די גרענעץ"? מיר זײַנען דען גנבֿים?... וועמען פֿרעגט מען? די מאַמע איז אַ ייִדענע. וואָס ווייס אַ ייִדענע? מײַן ברודער אליהו האָט פֿײַנט, אַז מע דולט אים אַ קאָפּ. אַ ייִנגעלע ווי איך, זאָגט ער, דאַרף זיך

ניט אַרײַנמישן צווישן גרויסע. פֿיניע איז פֿאַרטראָגן. ער רעדט. אַלע ריידן. איטלעכער דערציילט אַן אַנדער מעשׂה פֿון אַן אַנדער גרענעץ. איינער זאָגט, אַז די בעסטע גרענעץ אויף צו גנבֿענען איז נאָוואָסעליץ. דער אַנדערער זאָגט, אַז אויף בראָד איז בעסער ווי אומעטום. קומט צו גיין אַ דריטער און זאָגט, אַז אונגעני איז אויך ניט שלעכט. ווערט אַ געלעכטער: "אונגעני אויך מיר אַ לאַנד! רומעניע אויך מיר אַ גרענעץ! ימח-שמם זאָלן זיי ווערן מיט זייער לאַנד און מיט זייער גרענעץ!"...

- שאַט! מיר זײַנען שוין בײַ דער גרענעץ!

- ג -

"די גרענעץ", האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער. צום סוף - גאָרנישט: די אייגענע הײַזער, די אייגענע ייִדן מיט די אייגענע גויים, וואָס בײַ אונדז. אַפֿילו אַ מאַרק מיט קלייטן, מיט שטעלעכלעך - אַלצדינג ווי בײַ אונדז. מײַן שוועגערין ברכה און אונדזער חבֿר פֿיניעס ווײַב טײַבל זײַנען געגאַנגען אין מאַרק אײַנקויפֿן. איך וויל אויך מיט זיי גיין - לאָזט מיך די מאַמע ניט אָפּ פֿון זיך אויף איין מינוט. זי האָט מורא, מע זאָל מיך ניט אַוועקגנבֿענען סאַמע בײַ דער גרענעץ. מײַן ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פֿיניע זײַנען נישטאָ. זיי דרייען זיך אַרום מיט פֿרעמדע ייִדן, וואָס איך קאָן זיי ניט. די מאַמע זאָגט, אַז דאָס זײַנען אַגענטן. די אַגענטן וועלן מיט אונדז גנבֿענען די גרענעץ. איינער זעט טאַקע אויס ווי אַ גנבֿ. אַ גרינע קאַפּאָטע, אַ ווײַסער שירעם, און אויגן גנבֿישע. דער אַנדערער איז דווקא אַ פֿײַנער מענטש מיט אַ קאַפּעליוש. און אַ ייִדענע דרייט זיך אויך אַרום אין קאָן. די ייִדענע ווײַזט אויס אַ פֿרומע, אַן ערלעכע. זי טראָגט אַ שייטל אויפֿן קאָפּ און רעדט מיט גאָט. זי פֿרעגט די מאַמע, וווּ וועט זי בענטשן ליכט, אויב מיר האַלטן דאָ שבת? די מאַמע זאָגט, אַז מיר האַלטן דאָ ניט קיין שבת. שבת וועלן מיר שוין, זאָגט זי, מיט גאָטס הילף זײַן אויף יענער זײַט. די ייִדענע מאַכט אַ פֿרום פּנים און זאָגט: אָמן, רבונו-של-עולם! זי האָט אָבער מורא, זאָגט זי, אַז מע פֿירט אונדז אין באָד אַרײַן. די אַגענטן, זאָגט זי, וואָס מיר האַנדלען מיט זיי, זײַנען פּראָסטע גנבֿים. זיי וועלן אויסנאַרן בײַ אונדז דאָס געלט, זאָגט זי, און וועלן אונדז אַרײַנפֿירן אין אַ בלאָטע אַרײַן. אויב מיר ווילן, זאָגט זי, גנבֿענען די גרענעץ, זאָלן מיר גנבֿענען מיט איר, וועט אונדז זײַן, זאָגט זי, אַז וויל און גוט!... אַזוי? איז זי, הייסט עס, אויך אַ גנבֿטע? הײַנט וואָס טראָגט זי אַ שייטל און רעדט מיט גאָט?...

שוין געקומען מײַן ברודער אליהו מיט אונדזער חבֿר פֿיניע. ביידע זײַנען עפּעס שטאַרק צעטראָגן. אַ פּנים, זיי האָבן זיך צעקריגט? איינער זאָגט אויפֿן אַנדערן, אַז איבער אים וועלן מיר דאָ מוזן שבת האַלטן. שבת האַלטן אַליין איז נאָך גאָרנישט. מיר ווערן געוואָר, אַז ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, אַז מע וועט אונדז מסרן, אַז מיר ווילן גנבֿענען די גרענעץ. ביז עפּעס וואָס - די מאַמע וויינט דערווײַלע. מײַן ברודער אליהו בייזערט זיך אויף איר, וואָס זי מאַכט אַ תּל פֿון די אויגן. איבער אירע אויגן, זאָגט ער, וועט מען אונדז אַלעמען נישט אַרײַנלאָזן קיין אַמעריקע! מײַן ברודער אליהו און פֿיניע הערן אויף צו האַנדלען מיט די אַגענטן. זיי זאָגן: אַן עק, מיר פֿאָרן ניט קיין אַמעריקע און גנבֿענען ניט די גרענעץ! מיר רײַסט זיך אָפּ אין האַרצן. איך מיין ס'איז טאַקע אַן אמת. צום סוף, איז דאָס נאָר אַ מאַניפֿאָרגע. פֿיניעס קאַפּ! דאָס האָבן זיי אומיסטנע אַזוי געזאָגט, בכדי זיך אָפּטשעפּען פֿון די אַגענטן. און מיר האָבן גענומען האַנדלען מיט דער ייִדענע. די ייִדענע האָט גענומען אַן אויפֿגאָב און האָט אונדז געזאָגט, מיר זאָלן זײַן גרייט אויף הײַנט אַרום האַלבע נאַכט. די נעכט זײַנען פֿינצטערע נעכט. סוף חודש. אויסגעצייכנט גוט אויף צו גנבֿענען די גרענעץ. איך וואָלט שוין געוואָלט דערלעבן זען, וואָס הייסט דאָס "גרענעץ" און וויאַזוי וועלן מיר דאָס גנבֿענען?

- ד -

אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר געווען באַשעפֿטיקט מיט די זאַכן. מיר האָבן אַלצדינג באַדאַרפֿט אײַנפּאַקן און אַוועקגעבן דאָס דער ייִדענע. די זאַכן וועט זי אונדז איבערפֿעקלען נאָכדעם. דער עיקר איז בײַ איר, זאָגט זי, די נפֿשות. און זי זאָגט אונדז אָן, וויאַזוי מיר זאָלן זיך פֿירן. אַז ס'וועט ווערן, זאָגט זי, האַלבע נאַכט, זאָלן מיר אַרויסגיין הינטער דער שטאָט. דאָרט איז פֿאַראַן, זאָגט זי, אַ בערגל. זאַלן מיר, זאָגט זי, דאָס בערגל דורכלאָזן, און נעמען זיך לינקס, און גיין און גיין, ביז מיר וועלן דערזען נאָך אַ בערגל. פֿון דעם בערגל זאָלן מיר זיך נעמען, זאָגט זי, רעכטס, און גיין אַזוי לאַנג, ביז מיר וועלן קומען צו אַ שענקל. אין שענקל זאָל אַרײַנגיין נאָר איינער פֿון אונדז, ניט אַלע. אין שענקל וועלן מיר טרעפֿן, זאָגט זי, צוויי ערלים טרינקען בראָנפֿן בײַ איין טישל, זאָלן מיר צוגיין, זאָגט זי, צו די ערלים און אַ זאָג טאָן "חײַמאָוואַ" - איז שוין גענוג. וויבאַלד זיי וועלן דערהערן, זאָגט זי, דאָס וואָרט "חײַמאָוואַ" (ס'איז איר נאָמען), אַזוי וועלן זיי אויפֿשטיין און גיין מיט אײַך ביזן וועלדל. אין וועלדל וועלן אויף אײַך וואַרטן נאָך פֿיר גויים. טאָמער וועלן זיי שלאָפֿן, זאָלט איר זיי אויפֿוועקן. אין וועלדל אַז איר וועט גיין, זאָלט איר, זאָגט זי, זײַן שטיל, קיין פּיפּס ניט אַרויסלאָזן, מע זאָל חלילה ניט דערהערן און אויסשיסן. אויף יעדן טריט, זאָגט זי, איז דאָ אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס און שיסט... פֿון וועלדל, זאָגט זי, וועלן אײַך שוין די ערלים אַרויספֿירן אויפֿן רעכטן וועג, באַרג-אַראָפּ, און אָט זײַט איר שוין אויף יענער זײַט...

מיר איז די מעשׂה מיטן בערגל, מיטן שענקל, מיטן וועלדל שטאַרק געפֿעלן. די מאַמע האָט אַביסל מורא. ברכה און טײַבל - אויך. מיר לאַכן פֿון זיי. נקבֿות ציטערן פֿאַר אַ קאַץ אויך!...

קוים דערלעבט נאַכט. אָפּגעדאַוונט מעריבֿ, אָפּגעגעסן וועטשערע, האָבן מיר אָפּגעוואַרט ביז עס וועט ווערן

רעכט פֿינצטער. פּונקט צוועלף דעם זייגער האָבן מיר זיך אַלע, זאַלבע זעקסט, געלאָזט אין וועג אַרײַן. פֿריִער זײַנען געגאַנגען מיר, מאַנצביליך. נאָך אונדז זײַנען נאָכגעגאַנגען די ווײַבער, ווי געוויינלעך. אַזוי ווי די ייִדענע האָט נבֿיאות געזאָגט, אַזוי איז טאַקע געווען. אַרויסגעגאַנגען פֿון שטאָט, האָבן מיר דערזען אַ בערגל. האָבן מיר דורכגעלאָזט דאָס בערגל און זיך גענומען לינקס. פֿון דאָרטן זײַנען מיר געגאַנגען און געגאַנגען און דערזען נאָך אַ בערגל. פֿון דעם בערגל האָבן מיר זיך גענומען, ווי זי האָט אונדז אָנגעזאָגט, רעכטס און זײַנען געגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז מיר האָבן דערזען אַ שענקל. אין שענקל איז אַרײַן איינער פֿון אונדז. ווער? געוויינלעך, פּיניע. מיר וואַרטן אַ האַלבע שעה, אַ שעה, צוויי שעה - נישטאָ פּיניע. הייבן אָן די ווײַבער זאָגן, מע זאָל גיין זען, ווּ איז פּיניע? ווער זאָל גיין? מײַן ברודער אליהו. זאָגט די מאַמע: זי וויל ניט. זאָג איך: "אָט-אָ גיי איך". זאָגט די מאַמע: זי האָט מורא. שאַט! אָט איז פּיניע. "ווּ ביסטו געווען אַזוי לאַנג?" - "אין שענקל". - "ווּ זײַנען די ערלים?" "זיי שלאָפֿן". - "פֿאַרוואָס האָסטו זיי נישט געוועקט?" - "פֿון וואַנען ווייסט איר, אַז איך האָב זיי ניט געוועקט?" - "פֿאַרוואָס האָסטו זיי ניט געזאָגט "חײַמאָוואַ?" - "פֿון וואַנען ווייסט איר, אַז איך האָב זיי ניט געזאָגט?" "נו?" - "נו-נו!" - "איז דאָך שלעכט!" - "ווער זאָגט דען, אַז ס'איז גוט?"...

- ה -

מײַן ברודער אליהו איז טאַקע אַ חכם. ער זאָגט, זיי זאָלן גיין ביידע אין שענקל אַרײַן, פּרוּוון זיך נאָכאַמאָל אויפֿוועקן די ערלים. כּך-הווה. עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה, מיר טוען אַ קוק, זיי גייען מיט די צוויי ערלים. די ערלים זײַנען נאָך פֿאַרשלאָפֿן, אַביסל שיכּורלעך און שפּײַען און שילטן זיך - סכּנת נפֿשות. דאָס וואָרט "טשאָרט" ווערט איבערגעחזרט אפֿשר הונדערט מאָל. די ווײַבער הייבן אָן, דאַכט מיר, מורא האָבן. איך דערקען נאָך זייער זיפֿצן און זייער קרעכצן און נאָך דעם "רבונו-של-עולם", וואָס די מאַמע דערמאָנט אַלע מינוט שטילערהייט. הויך האָט זי מורא. מע הערט ניט פֿון אונדז קיין פּיפּס. מיר גייען און גייען, און מער קיין גויים זעען מיר ניט. ווּ זײַנען די איבעריקע פֿיר? פּלוצעם שטעלן זיך אָפּ אונדזערע צוויי ערלים און רופֿן זיך אָפּ צו אונדז, מיר זאָלן זיי זאָגן, וויפֿל געלט מיר האָבן. עס פֿאַלט אָן אויף אונדז אַזאַ פּחד, אַז מיר קאָנען ניט ריידן קיין וואָרט. שטעלט זיך אַרויס די מאַמע און זאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט. זאָגן זיי: ס'אַ ליגן. אַלע ייִדן האָבן געלט. און נעמען אַרויס צוויי לאַנגע מעסערס און טראָגן אונדז צו גלײַך צום פּנים און זאָגן: "וועט איר אונדז נישט אָפּגעבן באַלד אינגאַנצן וואָס איר האָט, זײַט איר געקוילעטע!"... אַלע שטייען אָן לשון און ציטערן, ווי די לעמעלעך. רופֿט זיך אָפּ די מאַמע צו מײַן ברודער אליהו, ער זאָל אויפֿבינדן די קעשענע און אָפּגעבן דאָס געלט (דאָס איז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פֿאַר אונדזער האַלבע דירה). אין דער מינוט געפֿעלט מײַן שוועגערין ברכה צו פֿאַלן חלשות. דערזען, אַז ברכה איז געפֿאַלן, שרײַט די מאַמע: גוואַלד! אויף איר קוקנדיק, שרײַט טײַבל אויך: גוואַלד! פּלוצעם - טראַך-טאַרראַך!!!... דאָס האָט מען אויסגעשאָסן. דער שאָס צעטראָגט זיך מיט אַ ווידערקול איבערן גאַנצן וואַלד. די ערלים זײַנען אויסגעטריקנט געוואָרן. ברכה האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. די מאַמע כאַפּט מיך מיט איין האַנט און מײַן ברודער אליהו מיט דער אַנדערער האַנט:

- קינדער! לאָמיר לויפֿן! ... דער שומר-ישראל איז מיט אונדז!...

איך ווייס ניט, ווּ עס נעמט זיך צו איר אַזוי פֿיל כּוח אויף צו לויפֿן? אַלעמאָל פֿאַרטשעפּען מיר זיך אָן אַ בוים און פֿאַלן. מיר שטייען אויף און לויפֿן ווײַטער. אַלעמאָל דרייט אויס די מאַמע דעם קאָפּ און טוט אַ פֿרעג שטילערהייט:

- פּיניע, דו לויפֿסט? ברכה, דו לויפֿסט? טײַבל, דו לויפֿסט? לויפֿט, לויפֿט, דער שומר-ישראל איז מיט אונדז!

וויפֿל מיר זײַנען אַזוי געלאָפֿן - קאָן איך אײַך ניט זאָגן. פֿונעם וואַלד זײַנען מיר שוין לאַנג אַרויס. עס הייבט אָן ווערן ווי טאָגלעך. עס בלאָזט אַ קיל ווינטל. נאָר אונדז איז הייס סכּנות. מיר דערזעען פֿאַר זיך אַ גאַס, און נאָך אַ גאַס. אַ ווײַסן קלויסטער, גערטנער, הויפֿן, שטיבלעך. אַ פּנים, דאָס איז דאָס שטעטל, וואָס די ייִדענע האָט אונדז געזאָגט נבֿיאות. וויבאַלד אַזוי, זײַנען מיר דאָך שוין פֿון "יענער זײַט". מיר באַגעגענען אַ ייִדן, מיט אַזעלכע פּאות, וואָס איך האָב אויף מײַן לעבן ניט געזען. אַ קאַפּאָטע טראָגט ער אַ לאַנגע, אַ צעפֿליקטע. אויפֿן האַלדז אַ גרינעם שאַל. ער טרײַבט אַ ציג. מיר שטעלן אים אָפּ מיט דער ציג און גיבן אים "שלום". דער ייִד פֿון דער ציג באַטראַכט אונדז פֿון קאָפּ ביז פֿיס. פּיניע פֿאַרבינדט מיט אים אַ שמועס. דער ייִד פֿון דער ציג רעדט עפּעס מאָדנע. טאַקע אונדזער לשון, נאָר מיט פּתחן. פּיניע פֿרעגט אים, צי ס'איז נאָך עפּעס ווײַט צו דער גרענעץ? דער ייִד פֿון דער ציג קוקט אים אָן: "וואָסער גרענעץ?"... עס לאָזט זיך אויס אַ מעשׂה, אַז מיר זײַנען שוין לאַנג אויף דער זײַט, מיר זײַנען שוין ווײַט פֿון דער רוסישער גרענעץ.

- וויבאַלד אַזוי, הײַנט וואָס-זשע לויפֿן מיר, ווי די משוגעים?

עס פֿאַלט אָן אויף אונדז אַלעמען אַ מוראדיק געלעכטער. די ווײַבער פֿאַלן אַזש צו דער ערד לאַכנדיק. נאָר די מאַמע הייבט אויף די הענט אַרויף: "איך דאַנק דיר, גאָטעניו!" - און צעוויינט זיך.

XIV

מיר זײַנען שוין אין בראָד!
- א -
ווייסט איר, ווו מיר שפּאַרן אָן? אַזש אין בראָד! איך מיין, אַז מיר זײַנען שוין נאָענט צו אַמעריקע. אַ שיינע שטאָט אָט דאָס בראָד! ס'איז גאָרניט די שטאָט, די גאַסן, די מענטשן, וואָס בײַ אונדז. אַפּילו די ייִדן זײַנען דאָ ניט די ייִדן, וואָס בײַ אונדז. דאָס הייסט, די ייִדן זײַנען די אייגענע ייִדן, וואָס בײַ אונדז. און אויב איר ווילט, זײַנען זיי נאָך מער ייִדן, ווי אונדזערע ייִדן. די פּאות אַ סך לענגערע, ווי בײַ אונדזערע. די קאַפּאָטעס בײַ זיי זײַנען כּמעט ביז דער ערד. זיי טראָגן מאָדנע קאַפּעליושלעך, גאַרטעלעך, מיט שיך און זאָקן, און די ווײַבער - פּאַרוקן. נאָר דאָס לשון זייערס - אוי, דאָס לשון! דײַטש רופֿט מען דאָס. ס'איז גאָרניט דאָס, וואָס בײַ אונדז. דאָס הייסט, די ווערטער זײַנען די אייגענע ווערטער, וואָס בײַ אונדז, נאָר מיט פּתחן. למשל: "וואָס" איז "וואַס", "דאָס" איז "דאַס", "שלאָפֿן" איז "שלאַפֿן", "ברויט" איז "ברײַט", "פֿלייש" איז "פֿלײַש", "מאיר" איז "מײַער", אַ "בהמה" איז "בעהײַמע", אַ "שייגעץ" איז "שײַגעץ", "מילך" איז "מעלך", "ליכט" איז "לעכט", אַ "ייִד" איז אַ "יאַיד", אַ "ייִדענע" - אַ "יאַידענע", "קינד" איז "קונד", אַ "טינטערל" איז אַ "טונטירל", אַ "ציבעלע" איז אַ "צייבעלע", אַ "סירניקל" - אַ "שוויבעלע". הײַנט דאָס ריידן זייערס! אַז זיי ריידן, זינגען זיי. עס קומט אויס גלײַך, ווי זיי וואָלטן שטענדיק מעבֿיר געווען די סדרה. מיר האָבן באַלד געכאַפּט דעם שניט. דער ערשטער איז געווען אונדזער חבֿר פּיניע. ער האָט אָנגעהויבן ריידן דײַטש כּמעט פֿונעם ערשטן טאָג, וואָס מיר זײַנען געקומען. אים איז געווען גרינגער, ווײַל דײַטש האָט ער געלערנט נאָך אין דער היים. מײַן ברודער אליהו זאָגט, אַז כאָטש ער האָט קיין דײַטש קיינמאָל ניט געלערנט, פֿונדעסטוועגן פֿאַרשטייט ער נישט ווינציקער פֿון אים. איך הער מיך צו, ווי מע רעדט אויף דײַטש, און לערן מיך. אין אַ פֿרעמד לאַנד מוז מען קענען די שפּראַך. אַזוי זאָגט פּיניע. זײַן ווײַב טײַבל רעדט שוין אויך האַלב דײַטש, האַלב ייִדיש. מײַן שווערגערין ברכה, אליהוס ווײַב, וואָלט אפֿשר אויך וועלן ריידן דײַטש, קאָן זי נעבעך ניט. אַ גראָבער קאָפּ בײַ איר! זעט איר, די מאַמע וויל ניט הערן פֿון קיין דײַטש. זי וועט, זאָגט זי, ריידן אַזוי ווי זי האָט גערעדט אין דער היים. ברעכן זיך די צונג צוליב די דײַטשן איז זי ניט מחויבֿ. זי איז גאָר אויף זיי ברוגז. זי האָט געמיינט, אַז די דײַטשן זײַנען ערלעכע מענטשן. צום סוף, איז זי געוואָר געוואָרן, אַז זיי זײַנען אויך ניט קיין גרויסע צדיקים. אַנומלט איז זי געווען אין מאַרק, האָט מען זי אָפּגענאַרט אויף דער וואָג. זי האָט געזאָגט, מע זאָל איר געבן אַ פֿונט, און געגעבן האָט מען איר - זי ווייס אַליין ניט וויפֿל.

אַזוי דערציילט די מאַמע און לאָזט אויס, אַז צווישן די דײַטשן זײַנען, אַ פּנים, אויך דאָ גנבֿים. דערהערט מײַן שווערגערין ברכה, כאַפּט זי זיך אויף און פֿײַערט און מאַכט מיט די הענט:

- גנבֿים זאָגט איר, שוויגער? אַ גנבֿ אויף אַ גנבֿ! איין גנבֿ גרעסער פֿונעם אַנדערן! מע דאַרף זיך פֿאַר זיי היטן ערגער ווי בײַ אונדז! בײַ אונדז ווייס מען כאָטש, אַז אַ גוי איז אַ גנבֿ.

- בײַ אונדז, נאַרעלע, ווייס דער גוי אַליין, אַז ער איז אַ גנבֿ.

אַזוי זאָגט די מאַמע און דערציילט אַ מעשׂה מיט כימקען. ס'איז געווען בײַ אונדז אַ שיקסע כימקע. דער טאַטע, עליו-השלום, האָט נאָך דעמאָלט געלעבט. איז די כימקע געווען זייער אַ ווילע שיקסע, נאָר אַ ביסל אַ גנבֿטע. אַז אַלע זײַנען אַוועקגעגאַנגען פֿון שטוב, פֿלעגט זי נישט וועלן בלײַבן אַליין. זי האָט מורא געהאַט פֿאַר זיך אַליין, זי זאָל עפּעס נישט אַוועקגנבֿענען...

- ב -
אַלצדינג איז בײַ די דײַטשן אַנדערש. אַפּילו דאָס געלט איז אויך נישט, ווי בײַ אונדז. דאָ ווייס מען נישט פֿון קאָפּיקעס, גריוונעס, צוואַנציקער, פֿערציקער. דאָ ווייס מען נאָר גרײַצערס. אַלצדינג פֿאַרקויפֿט זיך דאָ אויפֿן גרײַצער. פֿאַר אונדזערן אַ רובל גיט מען אײַך אָן אַ שיעור גרײַצערס. מײַן מאַמע געפֿינט, אַז ס'איז נישט קיין געלט. ס'איז קנעפּלעך. מײַן ברודער אליהו זאָגט, אַז זיי צעגייען זיך עפּעס אונטער די פֿינגער, אַזוי ווי שניי. אַלע טאָג זעצט ער זיך אַוועק אין אַ ווינקעלע, און טרענט אויף די קעשענע, און נעמט אַרויס אַ רובל, און פֿאַרנייט די קעשענע צוריק. אויף מאָרגן טרענט ער ווידער אויף די קעשענע, נעמט אַרויס אַ רובל און פֿאַרנייט צוריק. אָט אַזוי אַלע טאָג. און די טעג גייען אַוועק, און אונדזערע פּעקלעך מיט אונדזער בעטגעוואַנט זײַנען נאָך אַלץ נישטאָ. די ייִדענע, וואָס האָט מיט אונדז געגנבֿעט די גרענעץ, האָט אונדז, אַ פּנים, אָנגעטאָן אַ רעכטן ספּאָדיק. אַ חוץ וואָס מען איז אונדז באַפֿאַלן אין וואַלד, טאַקע אירע שומרים אַליין, וועלן מיר נאָך אפֿשר בלײַבן אָן זאַכן. די מאַמע הערט נישט אויף צו ברעכן די הענט און צו וויינען אויף די זאַכן. "דאָס בעטגעוואַנט! די קישנס! ווי אַזוי וועלן מיר זיך רירן קיין אַמעריקע אָן בעטגעוואַנט, אָן קישנס?"... פּיניע פֿאַלט אַלעמאָל אויף אַן אַנדער פּלאַן. ער וועט גיין, זאָגט ער, מיט אַ "זאַיאַוולעניע * " דורך דער באַן, מיט אַ "פּראָשעניע" צום "נאַטשאַלניק" פֿון דער גרענעץ. ער וועט זיך אַריבערכאַפּן אַהין צו דער ייִדענע און וועט איר מאַכן אַ פֿינצטערן סוף. ער וועט זי פֿרעגן: היתּכן?!... ס'איז אָבער קאַלטע פּריפּאַרקעס! עס וועט ניט העלפֿן קיין "זאַיאַוולעניעס" מיט קיין "פּראָשעניעס". אַריבערכאַפּן זיך צו דער ייִדענע וועט אים טײַבל נישט לאָזן, ס'איז בלאָטע, מע זאָל איר אָנשיטן די שטוב מיט גאָלד. אַזוי האָט זי געזאָגט בפֿירוש. עס ליגט איר נאָך אין טעם דאָס "גנבֿענען די גרענעץ". מיר אַלע געדענקען נאָך דעם טעם פֿון דער גרענעץ. מיר דערציילן איטלעכן די מעשׂה, ווי אַזוי מיר האָבן געגנבֿעט די גרענעץ, ווי אַזוי די ייִדענע האָט אונדז געגעבן ערלים אויף אַריבערצופֿעקלען אונדז, ווי אַזוי די ערלים האָבן אונדז געפֿירט

און פֿאַרפֿירט אין אַ וואַלד און געוואָלט אונדז קוילען. אַ גליק, וואָס מײַן שוועגערין ברכה האָט אַ טבֿע פֿון חלשן און וואָס מײַז מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד. האָבן דערהערט די סאָלדאַטן און האָבן אָנגעהויבן שיסן. זײַנען זיך די ערלים צעלאָפֿן, און מיר זײַנען געבליבן געזונט און גאַנץ. אַזוי דערציילט די מאַמע. מײַן ברודער אליהו דערציילט די אייגענע מעשׂה, נאָר אַ ביסל אַנדערש. שלאָגט אים ברכה איבער און דערציילט טאַקע דאָס אייגענע, נאָר אַ ביסל אַנדערש. זאָגט אונדזער חבֿר פּיניעס ווײַב, טײַבל, אַז ברכה געדענקט נישט אַקוראַט, וואָרעם ברכה האָט געחלשט. און טײַבל וויל אָנהייבן דערציילן די מעשׂה פֿון אָנהייב אָן, האַקט איר פּיניע איבער און זאָגט, אַז זי ווייס גאָרנישט. אָט וועט ער דערציילן נאָכאַמאָל פֿון אָנהייב ביזן סוף. אַלע טאָג און איטלעכן באַזונדער דערציילן מיר די מעשׂה, ווי אַזוי מיר האָבן גענבֿעט די גרענעץ. אַלע די, וואָס הערן, שאָקלען מיט די קעפּ, שמוצערן מיט די ליפּן. זיי זאָגן, אַז מיר זײַנען גליקלעכע! מיר דאַרפֿן בענטשן גומל!

- ג -

אויף דער זײַט גרענעץ איז אונדז גוט, בעסער ווי אין דער היים. טאָן טוען מיר נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. אָדער מיר זיצן אויף דער אַכסניא, אָדער מיר גייען אויפֿן שפּאַציר, אָנקוקן בראָד. אַ שיינע שטאָט. איך ווייס נישט, וואָס מײַן שוועגערין ברכה האָט צו דער שטאָט. אַלע טאָג געפֿינט זי אַן אַנדערן חסרון אויף דער שטאָט. דאָס געפֿעלט איר נישט - ס'איז בלאָטיק. דאָס זאָגט זי - סע שטינקט, ערגער ווי בײַ אונדז. איינמאָל בײַנאַכט כאַפּט זי זיך אויף מיט אַ געוואַלד: מע האָט זי באַפֿאַלן. מיר זײַנען אַלע אַראָפּ פֿון די געלעגערס:

- ווער האָט דיך באַפֿאַלן? גזלנים?

- וואָסערע גזלנים? וואַנצן!...

אינדערפֿרי דערציילן מיר דעם בעל-הבית פֿון דער אַכסניא, ווייס ער ניט מיט וואָס מען עסט דאָס. גיט אים פּיניע צו פֿאַרשטיין אויף דײַטש, וואָס דאָס איז. זאָגט ער, אַז בײַ זיי ווייס מען נישט דערפֿון. אין זייער דײַטשעס לאַנד זעט מען דאָס נישט. דאָס האָבן מיר, זאָגט ער, מסתּמא געבראַכט מיט זיך פֿון דער היים... אַי, איז ברכה געוווען אין כּעס! זי האָט פֿײַנט, זאָגט זי, דעם ייִדן, ערגער ווי אַ משומד! איך ווייס נישט, פֿאַרוואָס. דאַכט זיך, זייער אַ פֿײַנער מענטש. אַז ער רעדט, האַלט ער אַ ביסל דאָס מויל אויף אַ זײַט און שמייכלט. היינט האָט ער ליב געבן עצות. וווהין מיר זאָלן גיין, בײַ וועמען מיר זאָלן קויפֿן און בײַ וועמען נישט. און אַז מיר גייען עפּעס קויפֿן, גייט ער מיט. און קויפֿן קויפֿן מיר, צום מיינסטן, מלבושים. מיר האָבן אָנגעהויבן צו ביסלעך אויסקליידן זיך. אונדזער חבֿר פּיניע זאָגט, אַז ס'איז ניט שיין, וואָס מיר גייען, ווי די שלעפּערס. אין אַ פֿרעמדער שטאָט דאַרף מען, זאָגט ער, אַרויסגיין ווי מענטשן. ובפֿרט דאָ, אין אויסלאַנד, ווו עס איז האַלב אומזיסט. דאָס איז דאָך באַוווּסט אויף דער גאַנצער וועלט. קודם-כּל האָט ער זיך געקויפֿט אַ קאַפּעליושל, ווי מע טראָגט בײַ די דײַטשן, און אַ פּידזשאַק אַ קורצן ביז די קני מיט אַ נײַעם שניפּס. אָנקוקן פּיניען אין זײַנע דײַטשע מלבושים דאַרף מען זײַן שטאַרקער פֿון אײַזן. לאַנג און דין איז ער. אַ נידעריקע ראיה האָט ער. און אַז ער גייט, שפּרינגט ער. היינט די נאָז? די מאַמע זאָגט, אַז ער האָט אַ פּנים פֿון חוזק. מײַן ברודער אליהו געפֿינט, אַז ער זעט אויס ווי אַ "וווּנגער" אָדער ווי אַ "קאָטערינשטשיק". פּיניע זאָגט, אַז ער ווייס נישט וואָס איז שענער: צי אַ "וווּנגער", צי אַ "קאָטערינשטשיק", צי גאָר אַ "שלעפּער"? דאָס מיינט ער טאַקע אונדז. מײַן ברודער אליהו זאָגט, אַז ער זאָל וועלן, קאָן ער זיך אויך אויסקליידן ווי אַ דײַטש. ס'איז אָבער נישט קיין גרויסע קונץ, זאָגט ער, אויסברענגען געלט, טרענצלען קערבלעך. מע דאַרף, זאָגט ער, דאָס קערבל היטן קיין אַמעריקע... זאָגט אים פּיניע: אין אַמעריקע דאַרפֿן מיר קיין געלט נישט. דאָרטן, זאָגט ער, זײַנען מיר אַליין געלט! ער רעדט איבער אונדז אַזוי לאַנג, ביז מײַן ברודער אליהו קויפֿט זיך אויך אַ קאַפּעליוש מיט אַ פּידזשאַק, און מיר אויך אַ קאַפּעליושל מיט אַ דעקל. מיר גייען אַלע דרײַ איבער די גאַסן און ריידן דײַטש. איך בין זיכער, אַז אַלע מיינען, אַז מיר זײַנען דײַטשן. איין חסרון נאָר, וואָס אונדז גייען נאָך די ווײַבער. איך מיין טאַקע די מאַמע, מײַן שוועגערין ברכה און פּיניעס ווײַב טײַבל. זיי טרעטן נישט אָפּ פֿון אונדז אויף קיין ווײַלע. די מאַמע האָט מורא, איך זאָל צווישן די דײַטשן נישט פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן, און יענע גייען גלאַט נאָך, ווי די קעלבלעך. וואָס האָבן זיי מורא - ווייס איך נישט. מחמת מיר דרייען זיך אַרום זאַלבע זעקסט, קוקט די גאַנצע וועלט אויף אונדז. וואָס האָבן זיי נישט געזען?

- די גרעסטע נאַראָנים אין דער וועלט זײַנען דײַטשן. - אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. אַ סימן, וואָס איר זאָלט נישט זאָגן, גלייבן זיי אײַער אויף נאמנות.

- אַחוץ געלט. געלט איז בײַ זיי טײַערער, ווי בײַ אונדז! אַ "גרײַצער" איז בײַ זיי די נשמה. פֿאַר אַ "קרוין" וועלן זיי אײַך פֿאַרקויפֿן דעם טאַטן, און פֿאַר אַ "גולדן" - גאָט אַליין!

אַזוי זאָגט ברכה, און טײַבל האַלט זי אונטער. אַלע דרײַ ווײַבער, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, זײַנען עפּעס נישט צופֿרידן מיט די דײַטשן. איך ווייס נישט, פֿאַרוואָס. מיר זײַנען זיי דווקא געפֿעלן. ווען נישט אַמעריקע, וואָלט איך דאָ געוואָלט זײַן אייביק און אייביק. ווו האָט איר אַזעלכע הײַזער, ווי דאָ? היינט די מענטשן? אַזעלכע גוטע מענטשן! אַלצדינג פֿאַרקויפֿן זיי אײַך! אַפֿילו די בהמות זײַנען נישט די בהמות, וואָס בײַ אונדז. שׂכל, קאָן זײַן, האָבן זיי נישט מער ווי אונדזערע, נאָר זיי זעען אויס לײַטישער. אַלצדינג האָט דאָ אַן אַנדער פּנים. און רעדט

מיט די ווײַבער, זאָגן זיי, אַז בײַ אונדז איז בעסער. קיין זאַך געפֿעלט זיי נישט, אַפֿילו די אַכסניא אויך נישט. און נישט אַזוי די אַכסניא, ווי די בעלי-בתּים. זיי רײַסן די הויט, זאָגט ברכה. פֿאַר אַ גלעזל וואַרעם וואַסער הייסן זיי זיך באַצאָלן. אַ ביסל זאַלץ וועלן זיי אײַך נישט געבן אומזיסט. אַז מיר וועלן נישט אָפּפֿאָרן פֿון דאַנען באַצײַטנס, וועלן מיר דאַרפֿן גיין איבער די הײַזער.

אַזוי זאָגט מײַן שוועגערין ברכה. נאָר וואָס מײַן שוועגערין ברכה קאָן זאָגן! למאַי זי זאָגט אויף מײַן ברודער אליהו, אַז ער איז אַ יידענע? און אויף אונדזער חבֿר פּיניע זאָגט זי, אַז ער איז כּל-בו, וואָס אין דער קאָרט. אַן אַנדערע אויף טײַבלס אָרט וואָלט איר געגעבן אַ וויסטן פּעטשאַטעק. טײַבל איז אָבער, ווי די מאַמע זאָגט, אַ מענטש אָן אַ גאַל. זי שווײַגט איר אָפּ. אַלע שווײַגן איר אָפּ. איך אויך. אויף מיר איז זי גזלן. מיך רופֿט זי דער "ווישקראָביק", אָדער "מאָטל מיט די פּיסקעס". איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט, זאָגט זי, אין וועג אַ פּאָר גוטע פּיסקעס. מיך הייבט דאָס אַפֿילו נישט אָן צו אַרן. נאָר די מאַמע וויל נישט לײַדן, למאַי זי רעדט פֿון מײַנע פּיסקעס. הייבט אָן די מאַמע וויינען. און מײַן ברודער אליהו האָט פֿײַנט, אַז די מאַמע וויינט. ער זאָגט, אַז זי מאַכט זיך קאַליע די אויגן, און מיט קאַליעדיקע אויגן לאָזט אַמעריקע נישט אַרײַן.

- ד -

איך קאָן אײַך איבערגעבן אַ נײַס. מיר האָבן אַ גרוס פֿון אונדזערע זאַכן. די יידענע, וואָס האָט מיט אונדז געגנבֿעט די גרענעץ, האָט מען אײַנגעזעצט אין טורמע. אונדזער חבֿר פּיניע קוועלט. ער זאָגט, אַז ס'איז אַ גרויסע מיצווה. זאָגט די מאַמע: "ס'טײַטש, און מײַנע זאַכן?" זאָגט פּיניע: "נו, און מײַנע זאַכן?"... אַצינד ווייסן מיר שוין פֿאַר געוויס, אַז אונדזערע זאַכן זײַנען פֿאַרפֿאַלן. וואָס טוט מען? מע דאַרף פֿאָרן ווײַטער. אַ ברירה האָבן מיר? מײַן ברודער אליהו גייט אַרום אָן אַ קאָפּ. די מאַמע רעדט אים אויס דאָס האַרץ. זי זאָגט אים: וואָס וואָלטן מיר געטאָן, נאַרעלע, ווען מע זאָל געווען צונעמען בײַ אונדז דאָס געלט, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייזט פֿאַר דער האַלבער דירה, און נאָך קוילען אויך? אונדזער חבֿר פּיניע גיט אָפּ דער מאַמען דעם גערעכט. ער זאָגט, אַז אַ ייִד דאַרף שטענדיק זאָגן: "גם זו לטובֿה". ברכה לייגט אויך צו אַ קנייטל. זי זאָגט, אַז נישט אומזיסט האָט זי אים אַ נאָמען געגעבן "יידענע". מיר גרייטן זיך אין וועג אַרײַן. מיר צעפֿרעגן זיך בײַ מענטשן, ווי אַזוי פֿאָרט מען קיין אַמעריקע? מענטשן הערן אויס און געבן אונדז עצות. איטלעכער אַן אַנדער עצה. איינער זאָגט: אויף פּאַריז. דער אַנדערער - אויף לאָנדאָן. אַ דריטער דרינגט, אַז אויף אַנטווערפּן איז נענטער. מע פֿאַרדולט אונדז אַזוי דעם קאָפּ, אַז מיר ווייסן שוין אַליין נישט, וואָס צו טאָן. פֿאַר פּאַריז האָט די מאַמע מורא. אַ צו גרויסער טומל, זאָגט מען. אַנטווערפּן געפֿעלט נישט ברכהן. עפּעס אַנטווערפּן - אַ מאָדנער נאָמען. זי האָט אַזעלכן נישט געהערט. עס בלײַבט לאָנדאָן. פּיניע זאָגט, אַז לאָנדאָן איז דאָס בעסטע. ער האָט געלייענט וויפֿל מאָל אין דער געאָגראַפֿיע )אַזאַ בוך(, אַז לאָנדאָן איז אַ שאַרפֿע שטאָט. הײַנט קומט אַרויס פֿון דאָרטן משה מאָנטעפֿיאָרע * , און ראָטשילד, זאָגט ער, איז אויך פֿון לאָנדאָן.

- ראָטשילד איז גאָר פֿון פּאַריז!

אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. דאָס איז דאָך בײַ זיי אַ כּלל. וואָס איינער זאָגט, זאָגט דער אַנדערער פֿאַרקערט. אַז דער זאָגט: טאָג, זאָגט יענער: נאַכט. דאָס הייסט, מע זאָל זיך קריגן - דאָס נישט, נאָר מע שפּאַרט זיך. זיי קאָנען זיך אַמאָל אַזוי אַוועקשפּאַרן אַ שעה כּסדר, ביז מע צענעמט זיי. אַנומלט האָבן זיי זיך צעאַמפּערט איבער אַ דײַטש וואָרט: "כּריין". איינער האָט געזאָגט, אַז כריין איז אויף דײַטש: "כראַן". דער אַנדערער האָט געדרונגען, אַז כריין דאַרף מען זאָגן אויף דײַטש: "כראָן". אַ שעה צוויי האָט מען זיך אַוועקגעריסן, ביז ס'איז געבליבן, מע זאָל קויפֿן אַ ווערצל כריין און מע זאָל דאָס ווײַזן דעם בעל-הבית פֿון דער אַכסניא. געבראַכט דאָס ווערצל כריין, פֿרעגט מען אים: "רב דײַטש! מיר האָבן צו אײַך אַ בקשה, נאָר איר זאָלט אונדז זאָגן דעם ריינעם אמת. ווי אַזוי הייסט בײַ אײַך אויף אײַער לשון אָט די דאָזיקע פּרי - "כראַן", אָדער "כראָן"?" רופֿט זיך אָפּ דער בעל-הבית: "אויף אונדזער דײַטשער שפּראַכע הייסט דיעזע פֿרוכט נישט "כראַן" און נישט "כראָן", נאָר "מערעטיך * "... נאָט אײַך אַזאַ משוגעת! קירע-דײַטש איז אַ גוטער צו-להכעיסניק. ער קאָן אײַך אַמאָל געבן אַ זאָג אַ וואָרט, זאָל זײַן וואָס צו הערן. למשל, נעמט, אַ שטייגער, אַ זייגערל. דאַכט זיך, וואָס קאָן שוין זײַן מער פּשוט פֿון אַ זייגערל? הייסט דאָס בײַ קירע-דײַטש נישט אַ זייגערל, נאָר "אַ האָר". און אַ האָר איז בײַ אים "אַ האַר". אַ האַר איז בײַ אים אַ "הער". אַהער איז בײַ אים "היר-היר". אַז מע זאָגט קירע-דײַטש, זאָל מען גלייבן!

- ה -

האָט קיין פֿאַראיבל נישט, איך האָב מיך פֿאַררעדט וועגן די נאַרישע דײַטשן מיט זייער משוגענער שפּראַך, און האָב פֿאַרגעסן, אַז מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע. דאָס הייסט, נישט גלײַך קיין אַמעריקע - דערווײַל פֿאָרן מיר קיין לאָנדאָן. און נישט גלײַך קיין לאָנדאָן, נאָר קיין לעמבערג. דאָרט, אין לעמבערג, איז פֿאַראַן, זאָגט מען, אַ קאָמיטעט פֿאַר עמיגראַנטן. אפֿשר וועלן מיר קאָנען דורכן קאָמיטעט עפּעס באַהילפֿיק ווערן. מיט וואָס זײַנען מיר ערגער פֿון אַלע אַנדערע עמיגראַנטן? ובפֿרט, מיר האָבן נאָך געהאַט אַזאַ שאָדן - אונדזערע אַלע פּעקלעך מיט אונדזער גאַנצן בעטגעוואַנט. די מאַמע גרייט זיך שוין, ווי אַזוי זי זאָל זיי זאָגן, ווי אַזוי זי זאָל פֿאַר זיי וויינען. מײַן ברודער אליהו בעט זיך בײַ איר: "נאָר נישט געוויינט! מע דאַרף אין זינען האָבן די אויגן. אָן אויגן לאָזט אַמעריקע נישט אַרײַן"...

אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו און גייט אַרײַן צום בעל-הבית זיך צעצאָלן פֿאַר דער אַכסניא. אין עטלעכע מינוט אַרום קומט אַרײַן מײַן ברודער אליהו אַ טויטער. וואָס איז? דער בעל-הבית האָט אים אַוועקגעלייגט אַ חשבון, איז אים, זאָגט ער, פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. פֿאַר אַלצדינג רעכנט ער אונדז געלט. פֿאַר לײַכטער אויף ליכט-בענטשן רעכנט ער זעקס לײַכטער - זעקס גרײַצערס. פֿאַר הבֿדלה - פֿיר גרײַצערס. וואָסער הבֿדלה? ער, דער בעל-אַכסניא, האָט געמאַכט הבֿדלה און מיר האָבן געהערט, קומט אים פֿיר גרײַצערס. פֿרעגן מיר אים: "וואָס עפּעס פֿיר?" - זאָגט ער: "ווילט איר פֿינף, לאָז זײַן פֿינף". הײַנט רעכנט ער אונדז עפּעס אַ מין זאַך מיטן נאָמען "קאָמיסיאָן". וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שלאַק? דאָס קומט אים, זאָגט ער, פֿאַר דער טירחה, וואָס ער איז געגאַנגען מיט אונדז קויפֿן מלבושים.

דערהערט אַזאַ מעשׂה, כאַפּט זיך אויף מײַן שוועגערין ברכה מיט אַ פּליעסק אין די הענט.

- שוויגער! וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? זײַנען די דײַטשן נישט ערגער ווי די נאַכט-גזלנים אין וואַלד? זײַנען אונדזערע רוסישע כוליגאַנעס נישט קיין צדיקים אַקעגן זיי? מיר זײַנען דען אין בראָד? מיר זײַנען דאָך אין סדום!!!...

דאָס פֿאַרגלײַכן אים מיט די רוסישע כוליגאַנעס, ווײַזט אויס, האָט דעם בעל-הבית נישט אַזוי פֿאַרדראָסן, ווי דאָס פֿאַרגלײַכן בראָד מיט סדום. ער איז געוואָרן אָנגעצונדן! ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ס'איז זייער רעכט, וואָס די רוסישע "כוליגאַנעס" מאַכן אויף אונדז פּאָגראָמען. ער געפֿינט, אַז ס'איז נאָך ווינציק, וואָס מע טוט אונדז. ווען ער זאָל זײַן, זאָגט ער, דער רוסישער "קײַזער", וואָלט ער "געהײַסן", מע זאָל אונדז אַלעמען "אויסקײַלן" ביז "אײַנעם"!

מיר דאַכט, איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַז אונדזער חבֿר פּיניע איז אַ היציקער פּאַרשוין. ביז מע רירט אים נישט אָן, קאָן ער אײַך שווײַגן און שווײַגן. נאָר טאָמער דערלאַנגט מען אים מיט אַזאַ וואָרט, וואָס ער האָט פֿײַנט, איז חיות נישט זיכער! פּיניע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, אויסגעצויגן זיך ווי לאַנג ער איז, צוגעגאַנגען גלײַך צום בעל-הבית פֿון דער סטאַנציע און האָט אים אויסגעשריִען אויפֿן קול גלײַך אין פּנים אַרײַן:

- קירע-דאַאַאַײַטש!!!... אַ רוח אין דײַן טאַאַאַטן אַרײַן!

אמת, דער "קירע-דײַטש" האָט אונדזער חבֿר פּיניען געקאָסט טײַער. דער בעל-הבית האָט אים פֿאַרן "קירע-דײַטש" אויפֿגעוואָרפֿן צוויי שווערע, געשמאַקע פּעטש, אַז פֿונקען זײַנען געפֿלויגן. עס האָט אָבער געהאַט דעם זיבעטן חן. גאַנץ בראָד האָט זיך צונויפֿגעלאָפֿן. ס'איז געווען "ליהודים". איך האָב ליב, אַז ס'איז פֿריילעך.

דעם זעלבן טאָג זײַנען מיר אַנטלאָפֿן קיין לעמבערג.

XV

קראָקע מיט לעמבערג

- א -

לעמבערג, זעט איר, איז שוין גאָרנישט דאָס, וואָס בראָד. ערשטנס, די שטאָט אַליין. רײַן, ברייט, ציכטיק, שיין - פֿאַרנעמט אָן אויג! דאָס הייסט, ס'איז פֿאַראַן אין לעמבערג אויך אַזעלכע גאַסן, ווי אין בראָד, וואָס אַז מע גייט אין מיטן זומער, דאַרף מען אָנטאָן טיפֿע קאַלאָשן און פֿאַרשטעלן די נאָז. דערפֿאַר אָבער איז פֿאַראַן אין מיטן שטאָט אַ גאָרטן, וואָס אַלע מעגן דאָרטן גיין שפּאַצירן, אַפֿילו ציגן. אַ פֿרײַע מדינה. שבת גייען ייִדן מיט שטרײַמלעך פֿראַנק און פֿרײַ אויף אַלע גאַסן, און קיינער זאָגט זיי נישט אַ וואָרט. הײַנט די מענטשן? גאָלד און זילבער! מײַן מאַמע זאָגט, אַז פֿון בראָד ביז לעמבערג איז אַזאַ חילוק, ווי פֿון טאָג צו נאַכט. מײַן ברודער אליהו זאָגט, אַז עס טוט אים באַנג, וואָס בײַ דער גרענעץ שטייט פֿריִער בראָד און נאָכדעם לעמבערג. עס וואָלט באַדאַרפֿט, זאָגט ער, זײַן פֿאַרקערט. גיט אים אונדזער חבֿר פּיניע צו פֿאַרשטיין, אַז דערפֿאַר איז לעמבערג בעסער פֿון בראָד, ווײַל עס שטייט ווײַטער פֿון דער גרענעץ און נענטער צו אַמעריקע. זאָגט אים אליהו: "אַ פֿאַלג מיך אַ גאַנג! ווו איז לעמבערג און ווו איז אַמעריקע!" זאָגט אים פּיניע, אַז וואָס ס'איז שייך צו שטעט, מעג ער זיך נאָך דערווײַלע לערנען בײַ אים, וואָרעם ער האָט געלערנט געאָגראַפֿיע. זאָגט אים מײַן ברודער אליהו: "אַז דו האָסט געלערנט געאָגראַפֿיע, זאָג זשע מיר, ווו איז דער קאָמיטעט?" - "וואָסער קאָמיטעט?" - "דער עמיגראַנטן-קאָמיטעט!" - "אַ סמיכות-הפּרשה! וואָס געהער זיך עס אָן מיט געאָגראַפֿיע?" - "דער וואָס ווייס געאָגראַפֿיע, דער דאַרף וויסן אַלצדינג". אַזוי זאָגט צו אים מײַן ברודער אליהו, און מיר פֿרעגן זיך נאָך אויפֿן קאָמיטעט. וועמען מיר פֿרעגן, ווייס קיינער נישט. אַ מאָדנע שטאָט.

- זיי ווייסן, נאָר זיי ווילן נישט זאָגן!

אַזוי פּסקנט מײַן שוועגערין ברכה. איר געפֿעלט קיין זאַך נישט. אויף לעמבערג האָט זי אויך אַ חסרון: צו ברייטע

גאַסן. אַ חסרון - די כּלה איז צו שיין. אונדזער חבֿר פּיניעס ווײַב טײַבל האָט אַן אַנדער חסרון אויף לעמבערג. דהײַנו? למאַי זאָגט מען בײַ אונדז "קראָקע מיט לעמבערג"? אַז מען עסט אַ זויערע זאַך, זאָגט מען: "ס'איז אַזוי זויער, אַז מע קאָן דערזען קראָקע מיט לעמבערג". אָדער אַז מע דערלאַנגט איינעם אַ גוטן פּאַטש, זאָגט מען, אַז "ער האָט דערזען קראָקע מיט לעמבערג".

בקיצור, די ווײַבער האָבן שוין אַזאַ טבֿע. זעלטן זיי זאָל עפּעס געפֿעלן!...

- ב -
מיר האָבן זיך שוין דערפֿרעגט צום קאָמיטעט. אַ הויכע שטוב מיט אַ רויטן דאַך. פֿריִער דאַרף מען שטיין אַ ביסל אינדרויסן. דאָס הייסט, נישט אַ ביסל, נאָר אַ סך. נאָכדעם עפֿנט מען די טיר. דאַרף מען גיין אויף טרעפּ. אַז מע קומט אַרויף, טרעפֿט מען אַ סך מענטשן. צום מייניסטן, אונדזערע רוסישע, עמיגראַנטן רופֿט מען זיי. כּמעט אַלע זײַנען זיי הונגעריק און אַלע האָבן קליינע זייגעדיקע קינדער. די וואָס האָבן נישט קיין זייגעדיקע קינדער זײַנען אויך הונגעריק. מע הייסט זיי קומען מאָרגן. מאָרגן זאָגט מען זיי ווידעראַמאָל, זיי זאָלן קומען מאָרגן. מײַן מאַמע באַקענט זיך מיט אַ סך ווײַבער. איטלעכע פֿון זיי האָט אויף זיך אַן אַנדער אומגליק. פֿאַרגלײַכן, זאָגט זי, איר אומגליק מיט זייערע אומגליקן, קומט אויס, אַז זי איז נאָך איינע אַ גליקלעכע! אַ סך פֿון זיי זײַנען אַנטלאָפֿענע פֿון פּאָגראָמען. וואָס זיי דערציילן זיך אָן איז אַ גוואַלד! אַלע פֿאָרן זיי קיין אַמעריקע, און קיינער האָט נישט מיט וואָס. אַ סך פֿון זיי האָט מען אָפּגעשיקט צוריק. אייניקע גיט מען אַרבעט. אייניקע שיקט מען אָפּ קיין קראָקע. דאָרט איז, זאָגט מען, דער אמתער קאָמיטעט. וואָס זשע איז דאָ? - זיי ווייסן אַליין נישט. מע הייסט זיי קומען מאָרגן, קומען זיי. ווו איז דער קאָמיטעט? אָט דאָס איז דאָך דער קאָמיטעט. ווער איז דער קאָמיטעט? זיי זאָלן אַזוי וויסן פֿון בייז! עס קומט אַרײַן אַ הויכער פּאַרשוין מיט אַ געשטופּלט פּנים און מיט גוטע לאַכנדיקע אויגן.

- אָט דאָס איז איינער פֿונעם קאָמיטעט. ער איז אַ דאָקטער.

דער דאָקטער מיט די גוטע לאַכנדיקע אויגן זעצט זיך אַוועק אויף אַ שטול. אַלע מינוט גייט צו צו אים אַן אַנדער עמיגראַנט און טענהט עפּעס, מאַכט מיט די הענט. דער דאָקטער הערט אים אויס און ענטפֿערט אים, אַז ער איז איין מענטש אַליין. ער קאָן גאָרנישט העלפֿן. פֿאַראַן, זאָגט ער, בײַ אונדז אַ קאָמיטעט פֿון עטלעכע און דרײַסיק פּאַרשוין, נאָר קיינער וויל נישט קומען. וואָס קאָן איך, איין מענטש אַליין, טאָן?

די עמיגראַנטן ווילן נישט וויסן, וואָס ער איז איין מענטש אַליין. זיי קאָנען דאָ מער נישט זיצן. זיי האָבן שוין אויפֿגעגעסן פֿון זיך וואָס זיי האָבן געהאַט. זיי זאָגן, אָדער מע זאָל זיי געבן בילעטן קיין אַמעריקע, אָדער מע זאָל זיי אָפּשיקן צוריק. דער דאָקטער טענהט, אַז ער קאָן זיי נאָר שיקן קיין קראָקע, אויב זיי ווילן. דאָרט איז דאָ אַ קאָמיטעט. אפֿשר וועט זיי יענער קאָמיטעט עפּעס קאָנען העלפֿן. די עמיגראַנטן הערן דאָס אויס און זאָגן, אַז זיי האָבן נישט דערוויַיל פֿון וואָנען אַ טאָג איבערצולעבן. דער דאָקטער נעמט אַרויס דאָס בײַטעלע און שענקט אַ מטבע. די עמיגראַנטן באַטראַכטן די מטבע און גייען אַוועק. עס קומען אָן נײַע עמיגראַנטן. זיי פֿאַלן, זאָגן זיי, מיטן פּנים צו דער ערד.

- וואָס ווילט איר? - טענהט נעבעך דער דאָקטער.

- מיר ווילן עסן! - זאָגן די עמיגראַנטן.

- אָט האָט מען מיר געבראַכט עסן, עסט.

אַזוי זאָגט זיי דער דאָקטער מיט די גוטע לאַכנדיקע אויגן און ער ווײַזט זיי אויפֿן אָנבײַסן, וואָס מע האָט אים געבראַכט: קאַווע מיט ווײַסע בולקעלעך. ער זאָגט, אַז ער מיינט דאָס ערנסט. ער גיט זיי אַוועק זײַן אָנבײַסן. וואָס זאָל ער טאָן, איין מענטש אַליין? די עמיגראַנטן באַדאַנקען אים. זיי זאָגן, אַז נישט פֿאַר זיך בעטן זיי, פֿאַר זייערע קינדער נעבעך.

- נו, ברענגט אַהער די קינדער! - זאָגט דער דאָקטער און טוט אַ ווונק צו אונדז מיט זײַנע גוטע לאַכנדיקע אויגן.

- וואָס ווילט איר?

- ג -
טרעט אַרויס די מאַמע צום גוטן דאָקטער מיט די לאַכנדיקע אויגן און הייבט אים אָן דערציילן אַ מעשׂה פֿונעם אָנהייב, ווי אַזוי זי האָט געהאַט אַ מאַן. דער מאַן איז געווען אַ חזן און האָט געקרענקט און געקרענקט. נאָכדעם איז ער געשטאָרבן, איבערגעלאָזט זי אַן אַלמנה מיט צוויי קינדער, איינעם אַן עלטערן און איינס נאָך כּמעט אַן עופֿעלע (דאָס מיינט מען מיך). האָט זי דעם עלטערן חתונה געמאַכט, אַרײַנגעגעבן אים אין אַ שמאַלץ-גרוב. די

שמאַלץ איז אויסגערונען, די גרוב איז געבליבן. דער שווער האָט זיך געשטעלט, און דער זון דאַרף שטיין צום פּריזיוו...

- מאַמע, וווהין ביסטו פֿאַרפֿאָרן?

אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו און שטעלט זיך אַוועק דערציילן די אייגענע מעשׂה, נאָר אין אַן אַנדער אופֿן. ער הייבט אָן אַזוי:

- יאָ פּריזיוו, נישט פּריזיוו - מיר פֿאָרן, הייסט עס, קיין אַמעריקע. דאָס הייסט, איך, און מײַן מאַמע, און מײַן ווײַב, און אַ קליין ברודערל (דאָס מיינט מען מיך), און אָט דער יונגערמאַן (ער ווײַזט אויף פּיניען) פֿאָרט אויך, הייסט עס, מיט אונדז. האָבן מיר באַדאַרפֿט אַריבער די גרענעץ, זײַנען מיר, הייסט עס, געקומען צו דער גרענעץ. און אַזוי ווי קיין פּעסער, הייסט עס, האָבן מיר נישט, וואָרעם מיר דאַרפֿן ביידע שטיין צום פּריזיוו...

אָט דאָ לאָז מיך! - רופֿט זיך אָן אונדזער חבֿר פּיניע און שטופּט אָפּ מײַן ברודער אליהו און דערציילט די אייגענע מעשׂה, נאָר אַ ביסל אַנדערש. כאָטש אליהו איז מיר אַ ברודער, פֿונדעסטוועגן מוז איך מודה זײַן, אַז פּיניע רעדט אַ סך שענער פֿון אים. ערשטנס, איז בײַ אים נישטאָ קיין "הייסט עס", ווי בײַ מײַן ברודער אליהו. היינט קען ער רוסיש זייער גוט. אַ סך ווערטער זײַנען בײַ אים רוסישע, און גלאַט שיינע ווערטער, מחיהדיקע. אַ סך פֿון זיי פֿאַרשטיי איך נישט וואָס ער מיינט, נאָר זיי זײַנען שיין. אָט ווי אַזוי אונדזער חבֿר פּיניע האָט אָנגעהויבן:

- איך וועל אײַך געבן אין קורצן אַ ווזגליאַד * אויף דער גאַנצער פּאָלאָזשעניע, וועט איר האָבן אַ טאָטשקע זרעניע * . מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע ניט אַזוי צוליב וואָינסקי פּאָווינאָסט * , ווי צוליב סאָמאָסטאָיאָטעלינאָסט * און ציוויליזאַציע, וואָרעם מיר זײַנען דאָרט זייער סטיעסניטעלני * נישט נאָר אין פּראָגרעס, נאָר אַפֿילו אין וואָזדוך * , ווי טורגעניעוו * זאָגט - און וואָווטאָריך * , זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן בײַ אונדז דער יעווריייסקי וואָפּראָס * מיט די פּאָגראָמען, קאָנסטיטוציע און טאָמו * פּאָדאָבנע, ווי באָקל * זאָגט אין זײַן היסטאָריאַ ציוויליזאַציאַ...

אַן עבֿירה! דאָ האָבן ערשט אָנגעהויבן גיין די שיינע ווערטער. אונדזער חבֿר פּיניע האָט זיך ערשט רעכט צעשאָקלט. ער האָט זיך פֿאַרקאַטשעט ריידן און ריידן - צום סוף האָקט אים איבער דער דאָקטער סאַמע אינמיטן, טוט אַ זופּ די קאַווע און רופֿט זיך אָן צו אים מיט אַ שמייכל:

- זאָגט: וואָס ווילט איר?

טרעט אַרויס ווידער מײַן ברודער אליהו און מאַכט צו פּיניען:

- למאַי זאָלסטו האָבן אַ טבֿע צו ריידן נישט צו דער זאַך?

דאָס פֿאַרדריסט, אַ פּנים, אונדזער חבֿר פּיניען, מחמת ער טרעט אָפּ אויף אַ זײַט, פֿאַרטשעפּעט זיך פֿאַר זײַנע אייגענע פּיס, און רופֿט זיך אָן ברוגזלעך:

- דו רעדסט בעסער? רייד דו!

און מײַן ברודער אליהו גייט צו צום טיש און דערציילט נאָכאַמאָל די מעשׂה בקיצור.

- ד -

- זײַנען מיר, הייסט עס, געקומען צו דער גרענעץ. געקומען צו דער גרענעץ, האָבן מיר אָנגעהויבן האַנדלען, הייסט עס, מיט די אַגענטן. און די אַגענטן, ווייסט איר דאָך, זײַנען גרויסע ממזרים. האָבן זיי אָנגעהויבן לויפֿן איינער איבערן אַנדערן, גראָבן, מסרן, יאַבעדען, ביז ס'האָט זיך אונטערגעכאַפּט איינע אַ ייִדענע, הייסט עם, אַ לײַטישע, אַן ערלעכע, אַ פֿרומע, אַ כּשרע, און האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט אונדז פֿאַרן מקח, הייסט עס, זיך אונטערגענומען אונדז אַלעמען אַריבערפֿעקלען, פֿריִער אונדז, און נאָכדעם די זאַכן. האָט זי אונדז געגעבן, די ייִדענע, הייסט עס, צוויי ערלים, שומרים, הייסט עס...

- אָט אַזוי גיך? זע נאָר! ער איז שוין פֿאַרטיק מיט די ערלים.

אַזוי שפּרינגט אַרויס מײַן שווערגערין ברכה, שטופּט-אָפּ מײַן ברודער אליהו און דערציילט בעסער אַליין די מעשׂה. טאַקע די אייגענע מעשׂה, נאָר אַביסל אַנדערש: ווי אַזוי די ייִדענע האָט אונדז געהייסן גיין און גיין, ביז מיר וועלן דעריזען אַ בערגל. פֿונעם בערגל זאָלן מיר זיך נעמען רעכטס און גיין און גיין, ביז מיר וועלן קומען צו נאָך אַ בערגל. זאָלן מיר זיך פֿון יענעם בערגל נעמען לינקס און גיין און גיין, ביז מיר וועלן קומען צו אַ שענקל.

זאָל אַרײַנגיין איינער פֿון אונדז אין שענקל, וועט ער טרעפֿן צוויי ערלים טרינקען בראָנפֿן. זאָל מען צוגיין צו די ערלים און זאָגן זיי נאָר איין וואָרט "חיַימאָוואַ", וועלן זיי שוין וויסן און וועלן אונדז פֿירן איבער אַ ווערדל. אַ גליק, וואָס איך האָב אַ טבֿע פֿון חלשן...

רופֿט זיך אָן דער דאָקטער:

- ווייסט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן, מײַנע ליבע ווײַבער? איך האָב אויך אַ טבֿע פֿון חלשן. זאָגט מיר אין קורצן, וואָס ווילט איר?

טרעט אַרויס די מאַמע ווידעראַמאָל, און עס קומט פֿאָר צווישן איר און צווישן דאָקטער אַזאַ מין געשפּרעך:

מאַמע: איר ווילט וויסן אין קורצן? מע האָט בײַ אונדז צוגענומען די זאַכן.

דאָקטער: וואָסערע זאַכן?

מאַמע: דאָס בעטגעוואַנט: צוויי איבערבעטן, פֿיר קישנס גרויסע, און נאָך צוויי גרויסע קישנס, און דרײַ קליינינטשקע ממזרימלעך איבערגעשאָטן.

דאָקטער: דאָס איז גאָר?

מאַמע: און קאָלדרעס דרײַ, צוויי אַלטע, איינע אַ נײַע. און מלבושים אַ פּאָר, און אַ פֿאַטשיילע אַ זײַדענע, און...

דאָקטער: נישט דאָס פֿרעג איך. מער קיין אומגליק האָט איר ניט געהאַט?

מאַמע: וואָסער אַן אומגליק ווילט איר נאָך?

דאָקטער: איך מיין, וואָס פֿעלט אײַך?

מאַמע: בעטגעוואַנט.

דאָקטער: דאָס איז גאָר?

מאַמע: ס'איז אײַך קאַרג?

דאָקטער: און בילעטן האָט איר? געלט האָט איר?

מאַמע: נישט צו פֿאַרזינדיקן. מיר האָבן שיפֿסקאַרטן, מיר האָבן אויף בילעטן.

דאָקטער: זײַט איר דאָך, דאַנקען גאָט! איך בין אײַך מקנא. לאָמיר זיך בײַטן. מיינט ניט, איך שפּאַס. איך זאָג עס אײַך אָן לצנות. נאַט אײַך מײַן אָנבײַסן, נאַט אײַך מײַנע עמיגראַנטן, נאַט אײַך מײַן קאָמיטעט, און גיט מיר אײַערע שיפֿסקאַרטן מיט אײַערע בילעטן, פֿאָר איך אַוועק קיין אַמעריקע הײַנטיקן טאָג. וואָס קאָן איך דאָ טאָן, איין מענטש אַליין, מיט קיין עין-הרע אַזוי פֿיל אָרעמעלײַט?

דער דאָקטער איז עפּעס - מיר ווייסן אַליין ניט וואָס! - אַזוי האָבן מיר אָפּגעפּסקנט, און מיר ווילן נישט מאַכן דאָ קיין לאַנגע שהיות. מײַן ברודער אליהו זאָגט: אַן עבֿירה די הוצאָות. לאָמיר בעסער פֿאָרן קיין קראָקע. אַ סך עמיגראַנטן פֿאָרן קיין קראָקע, לאָז זיך אונדז דאַכטן, עלעהיי מיר זײַנען אויך עמיגראַנטן.

- אַז מיר זײַנען אין לעמבערג, מוזן מיר שוין זײַן אין קראָקע אויך. - זאָגט אונדזער חבֿר פּיניע.

- בכדי ס'זאָל אויסקומען אַ פּנים, קראָקע מיט לעמבערג? - כאַפּט אונטער זײַן ווײַב טײַבל.

זײַט געזונט, מיר פֿאָרן קיין קראָקע.

XVI
מיט די עמיגראַנטן
- א -
אַז איר ווילט פֿאָרן קיין אַמעריקע, זאָלט איר פֿאָרן נאָר מיט עמיגראַנטן. אַז איר פֿאָרט מיט עמיגראַנטן, איז אײַך

האָט זיי געווינטשעוועט, זיי זאָלן זיך דערווערגן, רבונו של עולם, מיט זייערע געפּרייטע פּיש, וואָס זיי אַווירן אויף אַ מײַל. מײַן מאַמע קאָן נישט לײַדן:

- וואָס האָסטו צו זיי? נעבעך ערלעכע מענטשן! זיצן אין אַזאַ גיהנום - פֿונדעסטוועגן, אַז עס קומט צו אַ יאָרצײַט, זוכט מען אַ מנין...

דערויף ענטפֿערט איר ברכה:

שוויגער! לאָזן זיי אײַך ברענען אין איינעם מיט זייערע יאָרצײַטן און מיט זייערע געפּרייטע פּיש! מע שטעלט אָפּ - פֿרעמדע מענטשן, מע רופֿט זיי אַרײַן צו זיך אין שטוב אַרײַן, - נעם גיב דעם קינד אַ שטיקל געפּרייטע פּיש כאָטש פֿון יוצא ווערן...

דאָס מיינט זי מיך. אָט ערשט בין איך געווען בײַם ייִדן אַ "בר-מיצווה בחורל", איצט בין איך שוין געוואָרן בײַ ברכהן אַ "קינד"... גוטע יאָרן, אַז ברכה נעמט זיך אָן מײַן קריוודע! אַזוי טראַכט איך. מיר לאָזן זיך אַלע זאַלבע זעקסט צום קאָמיטעט. אָן עצה האָט אונדז דער ייִד געגעבן, אַ דאַנק אים, אַז מיר זאָלן נישט גיין צופֿוס - מיר זאָלן זיך בעסער אויפֿזעצן אויפֿן טראַמוויי און פֿאָרן גלײַך. האָט אָבער דער לאָנדאָנער טראַמוויי אַ טבֿע - ער האָט פֿײַנט זיך אָפּשטעלן. וויפֿל מע זאָל צו אים נישט מאַכן מיט די הענט, ער טוט זיך זײַנס - ער לויפֿט. נאָכלויפֿן אים וועט אײַך נישט העלפֿן - איר וועט אים נישט כאַפּן. אַ גליק, וואָס איינער האָט זיך אויף אונדז דערבאַרעמט, און דווקא אַן ענגלענדער מיט אָפּגעגאָלטע וואָנצעס )טאָמער זעט איר אַ מענטשן מיט געגאָלטע וואָנצעס, זאָלט איר וויסן, אַז ס'איז אָן ענגלענדער(. דער ענגלענדער האָט געזען, אַז מיר מאַכן מיט די הענט צו די טראַמווייען, און די טראַמווייען לויפֿן, האָט ער אונדז צוגעפֿירט צו אַ קלויסטער און האָט אונדז אָנגעוויזן מיט די הענט, אַז דאָ זאָלן מיר שטיין. כּך הוה. עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט, איז אָנגעלאָפֿן אַ טראַמוויי און האָט זיך אָפּגעשטעלט. זײַנען מיר אַלע אַרײַן - איך, און מײַן ברודער אליהו, און אונדזער חבֿר פּיניע, און די מאַמע, און ברכה, און טײַבל - און מיר פֿאָרן. גייט צו דער קאָנדוקטאָר און הייסט זיך, מע זאָל נעמען בילעטן. שטעלט זיך אַרויס פּיניע און פֿרעגט אים: סקאָלקאָ * -וויפֿל? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר: "פֿײַף". פֿרעגט אים פּיניע נאָכאַמאָל: סקאָלקאָ-וויפֿל? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר ווידעראַמאָל, שוין מיט כּעס: "פֿײַף". דרייט זיך אויס צו אונדז פּיניע און זאָגט: טשטאָ טאַקאָיע * , איר הערט? ער הייסט מיר פֿײַפֿן! גייט צו מײַן ברודער אליהו און פֿרעגט אים מיט די הענט: וויפֿל קאָסט אַ פֿאָר? זאָגט אים דער קאָנדוקטאָר, שוין רעכט אין כּעס: "פֿײַף!" צעלאַכט זיך פּיניע, און אליהו רופֿט זיך אָן צום קאָנדוקטאָר שוין אויך מיט כּעס: "פֿײַף אַליין!"... ווערט דער קאָנדוקטאָר מלא-גזלן, טוט אַ צי בײַ אַ שטריק, שטעלט אָפּ דעם טראַמוויי און וואַרפֿט אונדז אַרויס מיט אַזאַ רציחה, גלײַך ווי מיר האָבן אים געוואָלט קוילען און צונעמען זײַן רײַזע-טאַש מיטן געלט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דאָס, וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט "געפֿײַפֿט", האָט ער דאָס געמיינט פֿינף.

- נו? זאָל נישט קומען אַ שׂרפֿה אויף לאָנדאָן?

אַזוי זאָגט ברכה און מיר גייען אין קאָמיטעט אַרײַן צופֿוס.

- ד -

אין לאָנדאָנער קאָמיטעט איז פֿריילעך, ווי אין אַלע קאָמיטעטן. אין הויף וואַלגערן זיך עמיגראַנטן, אַזוי ווי מיסט, און אינעווייניק אין שטוב זיצן מענטשן און רויכערן ציגאַרן און זאָגן זיך איינס דאָס אַנדערע: אָללרײַט. דער חילוק איז, וואָס די דײַטשע קאָמיטעטשיקעס טראָגן די וואָנצעס פֿאַרדרייט אַרויף און ריידן אויף דײַטש, און די לאָנדאָנער קאָמיטעטשיקעס האָבן אָפּגעגאָלט די בערד מיט די וואָנצעס אינגאַנצן און ריידן: "אָללרײַט!" אַ טעאַטער מיט זיי. די מאַנצבילן גייען געגאָלט, און די ווײַבער טראָגן אַלע פּאַרוקן אויף די קעפּ. און נישט נאָר די ווײַבער - אַפֿילו די מיידלעך טראָגן צוגעקלעפּטע האָר מיט אויסגעגרײַזלטע בוקלעס * , האָבן אַלע גרויסע ציין און זײַנען אַזוי מיאוס, אַז סע שלאָגט צו דער גאַל. פֿונדעסטוועגן, לאַכן זיי פֿון אונדז אין די אויגן, טײַטן מיט די פֿינגער, און קוויטשען אַזוי, אַז ס'איז אַ בזיון פֿאַר לײַטן. צוויי מיידלעך האָבן אונדז אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס און האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו מײַן ברודער אליהו, ער זאָל גיין אין "באַרבער-שאָפּ * ". פֿריִער האָבן מיר נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדײַט. איצט ווייסן מיר שוין: גיין אין באַרבער-שאָפּ הייסט אָפּשערן זיך און אָפּגאָלן זיך. מאָדנע ברואים. אַליין גייען זיי פֿאַרדריפּעט ביזן האַלדז, פֿרעסן אין מיטן גאַס געפּרייטע פּיש, וואָס לאָזן זיך הערן פֿאַר אַ מײַל, און האָבן פֿײַנט האָר. שיכּורים זײַנען זיי אויך גאַנץ נישקשהדיקע, נאָר זיי וואַלגערן זיך נישט אויף דער גאַס, אַזוי ווי בײַ אונדז. מע לאָזט זיי נישט. אַ לאַנד איז דאָס זייער אַ ווילס, זאָגט ברכה, נאָר עס וויל נישט ברענען.

- וואָס וועט דיר אַרויסקומען, אַז ס'וועט ברענען?

אַזוי פֿרעגט בײַ איר מײַן ברודער אליהו, און כאַפּט פֿון איר אַ מיאוסן פּסק. ברכה, אַז זי וויל, קאָן זי. אַמאָל, מאַכט זיך, זאָל זי אײַך שווײַגן, נישט ריידן אַ וואָרט צו קיינעם, און אַמאָל עפֿנט זיך אויף בײַ איר אַ קוואַל פֿון

ווערטער, איז אָדער פֿאַרשטעלן זיך די אויערן מיט וואַטע, אָדער לויפֿן אין דער וועלט אַרײַן. איך גיב אײַך איבער אירע רייד, וואָרט בײַ וואָרט:

וואָס שטעלסטו זיך אַזוי אײַן פֿאַר דעם געבענטשטן לאָנדאָן מיטן שוואַרצן הימל, מיט די געגאָלטע מאָרדעס, - מיט דעם שיינעם ווײַטשעפּעל, מיט די געפֿרייטע פֿיש, מיט די אַלע מוידן, מיט די געדרייטע בוקלעס, מיט די פֿאַרדריפּעטע קליידלעך, מיט די קבצנים וואָס טרינקען דזשינדזשער * -ביר, מיט די קאָנדוקטאָרן, וואָס הייסן !פֿײַפֿן, מיט די ייִדן, וואָס האָבן יאָרצײַט און זשאַלעווען אַ טרונק וואַסער? אַזאַ שטאָט מוז ברענען

:אַזוי זאָגט ברכה אין איין אָטעם, ווי די עשׂרת בני המן, און לאָזט אויס מיט צונויפֿגעלייגטע הענט

- לאָנדאָן, פֿאַרוואָס ברענסטו נישט?!...

רבונו של עולם! ווען וועלן מיר שוין זײַן אין אַמעריקע???... מאָטל פּייסי דעם חזנס כּתבֿים פֿון אַ ייִנגל אַ יתום

צווייטער טייל אין אַמעריקע

1916 .געשריבן אין יאָר

צווייטער טייל
I
!מזל-טובֿ, מיר זײַנען שוין אין אַמעריקע
- א -
אונדז קומט מזל-טובֿ - מיר זײַנען שוין אין אַמעריקע. דאָס הייסט, מע זאָגט, אַז מיר זײַנען אין אַמעריקע. אַמעריקע האָבן מיר נאָך נישט געזען, וואָרעם מיר זײַנען נאָך דערווײַל אין "קעסטל-גאַרטל * ". דאָס הייסט, אַמאָל האָט דאָס אַזוי געהייסן. הײַנט הייסט עס שוין מער נישט "קעסטל-גאַרטל", נאָר "עליס אײַלאַנד * ". פֿאַרוואָס עפּעס "עליס אײַלאַנד"? "ווײַל דאָס שטיקל לאַנד האָט אַמאָל געהערט צו איינעם אליהו, איז ער געוועזן אַ נאַר ביז דער סטעליע". אַזוי זאָגט אונדזער חבֿר פּיניע צום גראַם, ווי זײַן שטייגער איז. פּיניע איז אין כּעס אויפֿן עליס אײַלאַנד מיט סכּנות. למאַי מע פֿאַרהאַלט די אָרעמע עמיגראַנטן און די רײַכע לאָזט מען אַרײַן גלײַך, ווי זיי קומען אָן מיטן שיף. דאָס פּאַסט, זאָגט ער, נאָר פֿאַר פֿאָניע-גנבֿ, נישט פֿאַר אַזאַ פֿרײַע מדינה, ווי אַמעריקע. אַלע דאַרפֿן דאָ זײַן גלײַך. נישטאָ קיין אָרעם, נישטאָ קיין רײַך. און ער הייבט אָן שיטן מיט נעמען: קאָלומבוס, שעקספּיר * , באָקל * , ציוויליזאַציע... ער קלײַבט זיך אָנצושרײַבן אויף זיי אַ ליד און אַוועקגעבן זיי אַ גאָב, אַז דער שוואַרצער יאָר זאָל זיי נעמען! האָט ער נישט קיין טינט און פֿעדער און קיין ברעקל פּאַפּיר. זאָגט אים מײַן ברודער אליהו, אַז אויב עס געפֿעלט אים נישט דאָס לאַנד, האָט ער אַ ברירה פֿאָרן צוריק. און דאָס געדענקט איר דאָך מסתּמא פֿון אַמאָל, אַז די צוויי, פּיניע און אליהו, זײַנען זעלטן שווה-בשווה. וואָס איינער זאָגט דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר. "דער זומער מיטן ווינטער" - רופֿט זיי מײַן ברודער אליהוס ווײַב, ברכה, און כאַפּט אַ מיאוסן פּסק פֿון איר מאַן, פֿון אליהון. ער רופֿט זי אָן "בהמה", און "סאָטע ציג", און נאָך אַזעלכע נעמען, וואָס ס'איז נישט כּדאַי איבערצוחזרן. מישט זיך אַרײַן די מאַמע און זאָגט צו איר שנור, אַז קעגן רײַסן זיך, טאָר אַ מענטש נישט זײַן אינמיטן, וואָרעם ער קאָן כאַפּן אַ דראַפּ...

- ב -
וואָס טוען מיר אין עליס אײַלאַנד? מיר וואַרטן ביז מע וועט קומען פֿון שטאָט, באַקאַנטע און פֿרײַנט, און מע וועט אונדז אויסשרײַבן. כאָטש שרײַבן האָט מען אונדז אויסגעשריבן שוין ווײַפֿל מאָל. מע האָט אונדז געשריבן, פֿאַרשריבן און אויסגעשריבן פֿאַרן אַרויפֿגיין אויפֿן שיף, און אויפֿן שיף גופֿא, און איצט, בײַם אַראָפּגיין פֿון שיף. ?און אַלע מאָל די אייגענע חכמה: ווער זײַנען מיר? וווּהין פֿאָרן מיר? און ווען מיר האָבן אין אַמעריקע

דערציילן מיר זיי, אַז ס'איז געוועזן אַ ייִד פּייסי דער חזן - און ער איז געשטאָרבן. האָט ער איבערגעלאָזט אָן אַלמנה - דאָס איז די מאַמע. האָט זי אַ זון - הייסט ער אליהו. האָט ער אַ ווײַב - הייסט זי ברכה. האָט ער אַ חבֿר - הייסט ער פּיניע. האָט ער אַ ווײַב - הייסט זי טײַבל. און איך בין דער מיזיניק - הייס איך מאָטל. און דאָס איז מײַן .חבֿר - הייסט ער מענדל. און ווײַל ער איז אַ גרויסער - האָט אים ברכה אַ נאָמען געגעבן לאָשיק

ווען האָבן מיר אין אַמעריקע? גאַנץ אַמעריקע איז אונדז באַקאַנט און אַלע ייִדן זײַנען אונדזערע פֿרײַנט. ראשית-חכמה, משה דער אײַנבינדער און זײַן ווײַב פּעסיע די גראָבע - אונדזער שכנה, מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע קינדער. האָט זיך יעדער זײַן נאָמען מיט זײַן צונעמעניש. און מיר רעכענען זיי אויס אויף די פֿינגער: פּיניע קלעצל, וועלוול קאָטער, מענדל טשערנאָהוז, חיים בופֿלאַקס, פֿײַטל פּעטעלעלע און הערשל מיט דער "גוליע אויפֿן שטערן, וואָס מע רופֿט אים "ושתּי...

"!שלאָגט מען אונדז איבער אינמיטן און מע זאָגט אונדז: "גענוג, גענוג קליינוואַרג. עלטערע! גיט אַהער עלטערע

גיבן מיר זיי עלטערע און רעכענען זיי אויס די נעמען: יונה דער בעקער, אַ ייִד אַ כּעסן, איז נישט איינס. זײַן ווײַב ריוועלע די בעקערין, אַ יידענע מיט אַ רעטאָנדע, איז נישט צוויי. דאָס הייסט, זי האָט געהאַט אַ רעטאָנדע, האָט מען זי אַוועקגעגנבֿעט אויף דער גרענעץ. דערהערט דאָס וואָרט "גרענעץ" דערמאָנט זיך די מאַמע אָן אונדזערע זאַכן, וואָס מען האָט אויך אַוועקגעגנבֿעט אויף דער גרענעץ. הייבט זי אָן בעטן, טאָמער איז מעגלעך, מע זאָל איר קריגן די זאַכן, - און הייבט אָן צו וויינען. פֿאַלט אָן אויף איר אליהו, למאַי זי וויינט. זאָגט זי, אַז איצט איז זי שוין אין אַמעריקע און האָט שוין קיין מורא נישט פֿאַר די אויגן, מעג זי שוין, זאָגט זי, וויינען און וויינען.

- ג -
ווי אַזוי מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט די אויגן - איז טאַקע אַ נס מן-השמים. למאַי ווי אַזוי זײַנען מיר לעבן געבליבן פֿון דער נסיעה אויפֿן ים? איז עס דען נישט געווען קיין נסים ונפֿלאָות? וויפֿל מאָל האָבן מיר געזען מיט אונדזערע אויגן דעם מלאך-המות, דעם טויט פֿאַר די אויגן? וויפֿל מאָל האָבן מיר זיך שוין געהאַט אָפּגעזעגנט מיטן לעבן.

תּחילת, אַז מיר זײַנען אַרויף אויפֿן שיף "פּרינץ אַלבערט", איז דווקא געווען גוט און פֿײַן. איך און מײַן חבֿר מענדל האָבן זיך געלאָזט אויסמעסטן דעם "פּרינץ אַלבערט" אין דער לענג און אין דער ברייט. קיינעם איז נישט געווען אַזוי גוט, ווי אונדז. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ קוואַרטיר, ווי איצט. אַ וואַסער-שטוב. אַ דרײַגאָרנדיקע שטוב אויפֿן וואַסער. איך האָב אײַך זי געהאַט שוין אַמאָל אויסגעמאָלט מיט אַלע פּיטשעווקעס. שטעלט אײַך פֿאָר - איר זיצט, דאַכט זיך, אין שטוב, אָדער איר שפּאַצירט אַרום, די הענט אין די קעשענעס, און - איר פֿאָרט! איר עסט און - איר פֿאָרט! איר טרינקט און - איר פֿאָרט! הײַנט די מענטשן, וואָס איר זעט זיך אָן, אַ וועלט מיט מענטשן. אַ גאַנצע שטאָט פֿאָרט מיט אײַך. און מחמת אַלע פֿאָרן אויף איין שיף און אַלע פֿאָרן אין איין אָרט אַרײַן, קיין אַמעריקע - באַקענט איר זיך מיט אַלעמען און אַלע באַקענען זיך מיט אײַך, און איר ווערט געוואָר אין איין טאָג אַזוי פֿיל זאַכן, וואָס אין אַן אַנדער אָרט וואָלט איר עס נישט דערגאַנגען אין אַ יאָר.

- ד -
ווײ-ווײ, וויפֿל באַקאַנטע מײַן מאַמע און מײַן שוועגערין ברכה מיט פּיניעס ווײַב טײַבל האָבן זיך געמאַכט צווישן די ווײַבער. נאָר דאָס איז געווען גאָרנישט קעגן די באַקאַנטע, וואָס מײַן ברודער אליהו און זײַן חבֿר פּיניע האָבן זיך געפֿונען צווישן די מאַנצבילן. וויפֿל מע האָט נישט גערעדט און גערעדט, האָט מען נישט געקאָנט זיך גענוג אָנריידן. ווײַבער האָבן גערעדט מער פֿון היימישע זאַכן, פֿון זאַכן, וואָס זײַנען שייך צו דער קיך, צו דער שפּיזאַרניע, ווײַס גרעט, קויטיק גרעט, בעטגעוואַנט, זאָקן, ציכלעך, רעטאָנדעס. און די מאַנצבילן - די האָבן גערעדט פֿון אַמעריקע, פּרנסה, קאָלומבוס, גזירות, פּאַגראָמען.

אָן גזירות און אָן פּאָגראָמען קאָנען זיי זיך נישט באַגיין. און איך האָב אײַך שוין לאַנג געזאָגט, אַז איך האָב עס פֿײַנט. הייבט מען אָן ריידן פֿון גזירות אָדער פֿון פּאַגראָמען, גיי איך אַוועק. איך נעם מײַן חבֿר מענדל פֿאַר אַ האַנט, און מיר לאָזן זיך שפּאַצירן איבער די גאַסן פֿון "פּרינץ אַלבערט".

- ה -
"פּרינץ אַלבערט" איז גענוג גרויס. און שיין. שטיינערנע טרעפּ. מעשענע פּאַרענטשעס. שטאָל און אײַזן ווו מע" טוט זיך אַ ריר. הײַנט "מענטשן". איך מיין די באַדינער. מע רופֿט זיי "סטיואַרדס * ". און "נוירסעס * ". הײַנט מאַטראָסן - אַזוי ווי די רוחות. לויפֿן אַרום הין און הער. איך און מענדל זײַנען זיי מקנא. מיר גיבן זיך דאָס וואָרט, אַז מיר וועלן אויסוואַקסן, ווערן גרויסע, זאָלן מיר זיך פֿאַרשרײַבן פֿאַר מאַטראָסן.

איין חסרון האָט דער "פּרינץ אַלבערט". מע לאָזט אונדז נישט אומעטום זײַן. קוים ווילן מיר געבן אַ קוק אַרײַן אַ ביסל ווײַטער פֿון צווישנדעק, ווו מיר פֿאָרן, אַזוי טרײַבט מען אונדז דורך. טאַקע די מאַטראָסן גופֿא. גרויסע רשעים. און די פּאַסאַזשירן אַליין, פֿון יענע העכערע קלאַסן, זײַנען אויך רשעים. וואָרעם זיי זאָלן נישט זײַן קיין רשעים, וואָלטן זיי פֿאַרזאָגט די מאַטראָסן, מע זאָל אונדז נישט טרײַבן. וואָס וועלן מיר זיי טאָן? מיר וועלן זיי אָפּבײַסן? מײַן חבֿר מענדל איז גלאַט נישט צופֿרידן. ער פֿאַרשטייט נישט, צו וואָס דאַרף מען קלאַסן? ער זאָגט, אַז אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין קלאַסן. טאָמער גלייב איך אים נישט, קאָן איך אַ פֿרעג טאָן בײַ מײַן ברודער אליהו. האָט אָבער מײַן ברודער אליהו פֿײַנט, אַז מע פֿרעגט בײַ אים פּוסטע זאַכן. איך וועל שוין בעסער פֿרעגן בײַ אונדזער חבֿר פּיניע.

אונדזער חבֿר פּיניע האָט דווקא ליב צו ריידן פֿון אַזעלכע זאַכן. ער קאָן אײַך אָפּשיטן מיט רייד. און האָט איר אים נאָר זאַטשעפּעט מיט אַ וואָרט, איז ווי אַן אָנגעדרייטער וועק-זייגער. ער וועט ניט אַנטשוויגן ווערן, ביז דאָס רעדל וועט זיך אַליין ניט אָפּשטעלן.

- ו -
איך האָב געפּאַקט פּיניען בעת ער איז געזעסן אויפֿן דעק. ער האָט אַרײַנגעטאָן זײַן שפּיץ נאָז אין אַ בוך. מחמת ער איז אַ קורצזיכטיקער, לייענט ער נישט מיט די אויגן, נאָר מיט דער שפּיץ נאָז. איך בין צוגעגאַנגען צו אים

נאָענט.

- רב פּיניע, איך דאַרף אײַך עפּעס פֿרעגן.

פּיניע האָט צוגענומען די נאָז פֿון בוך.

- וואָס'טו זאָגן, קטנתּי? - קטנתּי הייסט בײַ אים אַ קלייניטשקער. אַזוי רופֿט מיך פּיניע בעת ער איז אויפֿגעלייגט. און אויפֿגעלייגט איז ער כּמעט אַלעמאָל. אַפֿילו דעמאָלט, ווען ער קריגט זיך מיט מײַן ברודער אליהו. און אַפֿילו דעמאָלט, ווען זײַן טײַבל בלאָזט זיך. דערצייל איך אים אַזוי און אַזוי. צי ס'איז אמת, וואָס מע זאָגט, אַז אין אַמעריקע זײַנען נישטאָ קיין קלאַסן?

האָט איר באַדאַרפֿט אָנקוקן, ווי אָט דער פּיניע האָט זיך אָנגעצונדן און צעפֿלאַקערט זיך און גענומען ריידן און קײַען און שפּײַען און שיטן מיט פֿײַערדיקע הויכע ווערטער: אַז אַמעריקע איז דאָס איינציקע לאַנד, זאָגט ער, פֿון אמתער פֿרײַהייט און פֿון אמתער גלײַכהייט. אין אַמעריקע, זאָגט ער, קאָנסטו זיצן אָט-אָ-דאָ-אָ, און לעבן דיר זאָל זיצן דער "פּרעזידענט", און ווײַטער אַביסל זאָל זיצן אַ בעטלער, אַ שלעפּער, אַ ניקס שבניקס. און נאָך אַ ביסל ווײַטער - אַ גראַף, אַ שׂררה, אַ מיליאָנשטשיק! ציוויליזאַציע! פּראָגרעס! קאָלומבוס!... און דאָ הייבט ערשט פּיניע אָן אַרויסצושיטן זײַנע שענסטע ווערטער. מישט זיך אַרײַן אַ ייִד אַן עמיגראַנט, אַ ווילד-פֿרעמדער:

- אַז ס'איז יאָ אַזאַ גליקלעכע מדינה, ווי איר זאָגט, ווו אַלע זײַנען גלײַך, פֿון וואַנען זשע נעמען זיך דאַרטן שלעפּערס און גראַפֿן און בעטלערס און שׂררות? ממה-נפֿשך...

נאָר מיר לאָזן איבער פּיניען מיטן ייִדן מיט נאָך ייִדן, זיי זאָלן זיך רײַסן - אַבי מיר זײַנען דערגאַנגען וואָס מיר דאַרפֿן, אַז אין אַמעריקע זײַנען קיין קלאַסן נישט פֿאַראַן. קומט אויס, אַז מענדל איז גערעכט. ער זאָגט, אַז קלאַסן דאַרף מען פֿײַנט האָבן. דאָס הייסט, אַז די פּאַסאַזשירן פֿון די העכערע קלאַסן דאַרף מען פֿײַנט האָבן. פֿאַרשטיי איך ניט, פֿאַרוואָס? וואָס האָב איך צו זיי? זאָגט מענדל: וואָס האָבן זיי זיך פֿאַרשלאָסן בײַ זיך אין צווייטן און אין ערשטן קלאַס צווישן די שפּיגלען? וואָס שטייט זיי אַזוי נישט אָן, די גרויסע פּריצים, צו זיצן מיט אונדז אָט דאָ, צווישן דעקן? מיר זײַנען דען קיין מענטשן נישט גלײַך מיט זיי? אונדזער גאָט איז דען נישט דער אייגענער, וואָס זייער גאָט? - דערפֿאַר האָט ער דערלעבט אין זיי אַ נקמה. ס'איז געקומען אַ נאַכט, וואָס די מיוחסים פֿון צווייטן און ערשטן קלאַס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונדז, אין דריטן קלאַס, און געוואָרן גלײַך מיט אונדז אַלעמען.

דאָס איז געווען אין דער נאַכט פֿון יום-כּיפּור, צו כּל-נדרי.

- ז -

מחמת דער "פּרינץ אַלבערט" איז אַרויסגעגאַנגען עשׂרת-ימי-תּשובֿה, איז אונדז אויסגעקומען צו פּראַווען יום-כּיפּור אויפֿן שיף. ערבֿ יום-כּיפּור האָבן מיר זיך פֿאַרפֿאַסט מיט געבראָטענע קאַרטאָפֿל - "פּעטייטעס * " רופֿט מען עס דאָ. קיין כּשרע קיך איז אויף "פּרינץ אַלבערט" נישט פֿאַראַן, לעבן מיר די גאַנצע צײַט פֿון פּעטייטעס. און ברויט גיט מען אונדז לרובֿ. און טיי און צוקער אַלע טאָג. ס'איז גאָרנישט אַזוי שלעכט. מע וואָלט געקאָנט אַ גאַנץ יאָר אַזוי לעבן. זאָגט אָבער ברכה, מײַן ברודער אליהוס ווײַב, אַז פֿון פּעטייטעס ווערט געשוואָלן דער בויך. נאָר וואָס זי קאָן זאָגן! ס'איז דען פֿאַראַן אַ זאַך, וואָס זאָל איר געפֿעלן? אויף אַלצדינג געפֿינט זיך אײַך אַ חסרון. למשל, איר געפֿעלט נישט דער "פּרינץ אַלבערט", למאַי ער קריכט. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, זאָגט זי, אַז אַ נסיעה זאָל געדויערן צען טעג? זאָגט מען איר, אַז שולדיק איז נישט די שיף - שולדיק איז דער ים. זאָגט אונדזער חבֿר פּיניע נעמט זיך אונטער איר געבן צו פֿאַרשטיין, אַז דער ים באַטרעפֿט דרײַ מאָל אַזוי פֿיל וויפֿל די יבשה, די טריקעניש. זאָגט מײַן ברודער אליהו, אַז נישט דרײַ מאָל, נאָר צוויי מאָל אַזוי פֿיל. וואָס-וואָס - נאָר געאָגראַפֿיע וויס ער בעסער. אויף דער וועלט איז פֿאַראַן, זאָגט ער, צוויי דריטל וואַסער, איין דריטל טריקעניש. קומט, זאָגט ער, אויס די רעכענונג, אַז ים איז צוויי מאָל אַזוי פֿיל, ווי יבשה. זאָגט פּיניע: ניין, דרײַ מאָל. זאָגט אליהו: ניין, צוויי מאָל. "דרײַ מאָל!" "צוויי מאָל!" - צעקריגט מען זיך, נאָר מע בעט זיך גיך איבער.

- ח -

ווער וועט דאַווענען פֿאַרן עמוד? זאָגן כּל-נדרי? פֿאַרשטייט זיך, מײַן ברודער אליהו. ער איז טאַקע קיין חזן קיינמאָל ניט געווען. איז אָבער זײַן טאַטע געווען אַ חזן, און אַ באַרימטער חזן. אַ קול-נגינה האָט ער. עבֿרי קאָן ער. וואָס דאַרף מען נאָך? און דערצו האָט שוין אונדזער חבֿר פּיניע מיטגעהאָלפֿן, אַז מע זאָל מײַן ברודער אַפֿילו בעטן זאָגן כּל-נדרי. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג איבערן גאַנצן שיף, אײַנגערוימט יעדן באַזונדער אַ סוד אויפֿן אויער, אַז אָט דער יונגערמאַן מיטן געלן בערדל (אליהו) איז אַ מוראדיקער בעל-מנגן. זײַן דאַווענען - פּס! און ווער שמועסט, אַז זײַן קליין ברודערל, אָט דער קטנתּי (דאָס מיינט מען מיך), זאָל אים אונטערהעלפֿן אויף זײַן סאָפּראַן, וועלן מיר האָבן אַ יום-כּיפּור, אַז גאָט און לײַט וועלן אונדז מקנא זײַן.

וויפֿל אליהו האָט זיך ניט געבעטן, מע זאָל אים לאָזן צו-רו, וויפֿל ער האָט ניט געשוואָרן, אַז ער האָט זינט ער לעבט נאָך ניט געדאַוונט פֿאַרן עמוד ימים-נוראָים, - עס האָט ניט געהאָלפֿן קיין שמע-ישׂראל. מע האָט אים כמעט מיט גוואַלד אַוועקגעשטעלט פֿאַרן עמוד (אַ קײַלעכיק טישל, מיטן אַ ווײַסן לײַלעך איבערגעדעקט), און מיך האָט פּיניע גענומען פֿאַר אַן אויער: "גיי, קטנתּי, צו דער אַרבעט!" און מיר האָבן אַוועקגעלייגט פֿאַר די פּאַסאַזשירן אַ כּל-נדרי, וואָס זיי וועלן אים האָבן צו געדענקען אויף דור-דורות.

- ט -
ניט אַזוי דער כּל-נדרי, ווי די "יעלות", ווי דער געוויין פֿון די ווײַבער און פֿון די מאַנצבילן. פֿריִער האָט מען נאָר געקרעכצט, געזיפֿצט, געשנײַצט די נעזער. דערנאָך האָט מען גענומען ווישן די אויגן. דערנאָך - וויינען שטילערהייט. דערנאָך - וויינען העכער און העכער, שרײַען, קוויטשען און פֿאַלן חלשות. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז ערשט פֿאַראַיאָרן איז מען געווען איטלעכער בײַ זיך אין דער היים. יעדער אין זײַן שול. אויף זײַן פּלאַץ. בײַ זײַן סטענדער מיט זײַן מחזור. געהערט זײַן חזן. זײַנע זינגערלעך. איצט איז מען נע-ונד, געיאָגט און געטריבן, ווי די שאָף, וואָס מע פֿירט צו דער שחיטה, צונויפֿגעפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ. מע קאָן דעם אָטעם ניט כאַפּן. איך קאָנט פֿאַרשטיין, אַז אַפֿילו די אויסגעפּוצטע פּאַסאַזשירן פֿון די העכערע קלאַסן מיט די הויכע גלאַנצנדיקע צילינדערס אויף די קעפּ האָבן זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און געווישט מיט זײַדענע טיכלעך כּלומרשט דעם שווייס. נאָר איך האָב גוט געזען טרערן בײַ זיי אויף די אויגן. דער טרויער איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַפֿילו די סטיואַרדס און די מאַטראָסן זײַנען מיט דרך-ארץ געשטאַנען פֿון דער ווײַטן און צוגעקוקט, ווי ייִדן האָבן זיך אײַנגעוויקלט אין ווײַסע טליתים, שטייען אין די זאָקן און שאָקלען זיך און וויינען און יאָמערן - אַ פּנים, ס'איז זיי גוט ביטער אויפֿן האַרצן. און מײַן ברודער אליהו האָט זיך צעזונגען. און איך העלף אים אונטער. און דאָרטן אין ווינקל, צווישן די ווײַבער, שטייט די מאַמע אין דער יום-טובֿדיקער זײַדענער פֿאַטשיילע, מיטן מחזור אין די הענט, און באָדט זיך אין טרערן.

דער מאַמע איז הײַנט גוט ווי די וועלט. הײַנט איז איר טאָג!

- י -
אויף מאָרגן האָבן מיר זיך געפֿעדערט אויפֿצושטיין אַביסל פֿריִער, מע זאָל זיך שטעלן זאָגן "אַדון-עולם" מיטן אַלטן באַקאַנטן נוסח. ס'איז אָבער דערפֿון גאָרנישט אַרויסגעקומען. ס'איז געווען אוממעגלעך ניט נאָר צו דאַווענען - מע האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פֿיס. ניט געקאָנט טרעפֿן צום עמוד. עס איז פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. מיר זעען ניט כמעט איינס דאָס אַנדערע. עס איז נימאס דאָס לעבן. ס'איז שלעכט, שלעכט צום שטאַרבן. יאָ, מיר שטאַרבן.

וואָס האָט זיך געטראָפֿן? איצט בין איך מיד, לאָז איך עס איבער אויף מאָרגן.

II
קריעת-ים-סוף
- א -
איך האָב אײַך געהאַט אָנגעהויבן צו דערציילן פֿון דעם פּסק, וואָס מיר האָבן געכאַפּט יום-כּיפּור אינדערפֿרי אויפֿן שיף "פּרינץ אַלבערט". דאָס איז געווען אַ מיאוסער פּסק. מיר'ן אים געדענקען דאָס גאַנצע לעבן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון אַ קלייניקייט. עפּעס אַ כמאַרעלע, אַ שוואַרץ, אַ געדיכט וואָלקנדל, האָט זיך נאָך פֿון בײַנאַכט, באַלד נאָך כּל-נדרי, באַוויזן אויפֿן עק הימל. פֿריִער פֿון אַלעמען האָבן עס דערזען איך און מײַן חבֿר מענדל. וואָרעם אַז אַלע ייִדן זײַנען נאָך געווען אונטן, געוויינט און געזאָגט תּהילים נאָך כּל-נדרי, האָבן מיר, איך און מענדל, אַרומגעשפּאַצירט איבערן "פּרינץ אַלבערט". דערנאָך האָבן מיר זיך פֿאַרקליבן אין אַ ווינקעלע, געזעסן און געשוויגן. עס איז געווען שטיל און וואַרעם און גוט אויפֿן האַרצן. נאָר אַביסל אומעטיקלעך. וואָס מענדל האָט געטראַכט - ווייס איך ניט. איך האָב געטראַכט פֿון גאָט, וואָס זיצט אָט דאָרט, אין הימל. ווי גרויס ער דאַרף זײַן, אַז דאָס איז אַלצדינג זײַנס? און וואָס טראַכט ער זיך, אַז ער הערט אַזוי פֿיל ייִדן זאָגן תּהילים, לויבן אים און גיסן אויס פֿאַר אים דאָס האַרץ? די מאַמע זאָגט, אַז ער הערט און זעט אַלעמען. און אַז ער ווייס אַלצדינג. אַפֿילו דאָס, וואָס איך טראַכט אין דער מינוט בײַ זיך אין האַרצן. אויב אַזוי, איז ניט גוט, וואָרעם איך האָב נאָר-וואָס געטראַכט פֿון אַ גוטן עפּל, פֿון אַ זיסער באַר און כאָטש פֿון אַ טרונק וואַסער. קאַלט וואַסער. פֿון די פֿעטייטעס ברענט אויפֿן האַרצן - און טרינקען טאָר מען ניט. יום-כּיפּור נאָך כּל-נדרי - ווער ווער וועט דאָס טרינקען וואַסער? מײַן ברודער אליהו וועט מיך הרגענען. ער וויל גאָר, איך זאָל פֿאַסטן ביז מאָרגן בײַנאַכט נאָך יום-כּיפּור. זאָגט די מאַמע: "מיר'ן זען". דערווײַל זוכט זי מיך אויפֿן גאַנצן שיף און קאָן מיך ניט געפֿינען. ווײַזט איר אָן אַ מאַטראָס, אַז דאָרט, בײַם סאַמע שפּיץ, זיצן מיר, איך און מײַן חבֿר מענדל. שרײַט זי: "מאָטל! מאָטל?" - "וואָס איז, מאַמע?" - "וואָס הייסט וואָס איז? שלאָפֿן גיי! מאָרגן דאַרף מען אויפֿשטיין פֿרי, האָסט פֿאַרגעסן? ס'איז יום-טובֿ"... גלוסטן גלוסט זיך ניט. נאָר מע דאַרף גיין שלאָפֿן.

- ב -

אויף מאָרגן, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט אינדערפֿרי, איז שוין דער גאַנצער הימל געווען באַלייגט. דער ים האָט זיך צעבייזערט מיט סכּנות. די כוואַליעס האָבן זיך אויפֿגעהויבן העכער פֿונעם שיף, געוואָרפֿן דעם "פּרינץ אַלבערט", ווי עפּעס אַ שפּענדל, אַ שפּילעכל. די מאַטראָסן האָבן גענומען לויפֿן אַהין און אַהער, ווי די פֿאַרסמטע מײַז. די סטיואַרדס האָבן זיך צוגעהאַלטן בײַ די פּאַרענטשעס. די פּאַסאַזשירן זײַנען געגאַנגען האַרט בײַ די ווענט און געפֿאַלן כּמעט אויף יעדן שריט. מיטאַמאָל האָט געגעבן אַ גאָס אַ שלאַקס-רעגן. דונערן האָבן זיך געטראָגן איינס נאָך דאָס אַנדערע. גאָט פֿאָרט אויף זײַן רײַטוואָגן. אום יום-כּיפּור גאָר!... איין בליץ נאָכן אַנדערן באַלײַכט אויף אַ רגע דעם שוואַרצן געדיכטן הימל. דער "פּרינץ אַלבערט" קרעכצט, שאָקלט זיך אַהין און אַהער, אַרויף און אַראָפּ. און דער רעגן שמײַסט. וואָס איז דאָס? אַ מבול אויף דער וועלט? האָט דאָך גאָט געשוואָרן, אַז קיין מבול וועט ער שוין מער ניט ברענגען קיינמאָל אויף דער ערד...

קריעת-ים-סוף. - זאָגט מײַן ברודער אליהו. און אונדזער חבֿר פּיניע באָמקעט-צו: "יאָ, ס'איז קריעת-ים-סוף"... - דאָס ערשטע מאָל, וואָס די צוויי זאָגן ביידע איין זאַך. דאָס וואָרט "קריעת-ים-סוף" האָט אויסגענומען. אַלע מאָל הייבט זיך אויף אַן אַנדער פּאַרשוין, טוט אַ קוק אין דרויסן אַרויס און גיט צו, אַז ס'איז קריעת-ים-סוף. דערנאָך לויפֿט ער עפּעס מאָדנע אַוועק אין אַ זײַט אַרײַן. דאָרט גיט ער אָפּ דער מאַמעס מילך, און מער זעט מען אים שוין ניט... ווער מיר דאַוונען? וואָס מיר יום-כּיפּור? מע האָט שוין גאָר פֿאַרגעסן אַפֿילו, ווו מען איז אין דער וועלט.

- ג -

פֿון אונדזער משפּחה האָט דעם ערשטן פּעטשאַטשעק געמאַכט ברכה. זי האָט אָנגעהויבן שרײַען, אַז אָט שטאַרבט זי! דערנאָך האָט זי גענומען שילטן מײַן ברודער אליהו, למאַי ער האָט זי אײַנגערעדט צו פֿאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט געוווּסט פֿריִער, אַז אַמעריקע איז סיביר, ערגער פֿון סיביר. סיביר איז גאָלד קעגן אַמעריקע!... האָט זיך די מאַמע געוואָלט אָננעמען די קריוודע פֿון איר זון. זי האָט איר גענומען זאָגן אַביסל מוסר, אַז אַ מענטש באַדאַרף אַלצדינג קאָנען אַריבערטראָגן, וואָרעם ס'איז אַ גאָטס זאַך. אַ סימן, סע שטייט אין טײַטש-חומש געשריבן... האָט זי אָבער ניט געקאָנט אַרויסריידן וואָס אין טײַטש-חומש שטייט געשריבן, וואָרעם ס'איז איר מיטאַמאָל געוואָרן ניט גוט אויף צו חלשן. אויף איר קוקנדיק, האָט גענומען חלשן אונדזער חבֿר פּיניעס ווײַב, טײַבל. איז פּיניע אַרויס מיט לשון: "מיט די ווײַבער איז דיר נאָר אַ באַשרײַבונג, אַ קאָמעדיע!" - ער האָט אַרײַנגעלייגט ביידע הענט אין די הויזן-קעשענעס און פֿאַררוקט דאָס קאַפּעליושל אויף אַ זײַט. ער האָט געזאָגט: "שוטים! נאַראָנים! דאַכט זיך, וואָס קאָן עס מיך אָרן, אַז דער ים שטורעמט און די שיף קאַטשעט זיך? אַ מענטש, אַ בר-דעת, גיט זיך אַן עצה. בעת די שיף טוט זיך אַ בייג אַהער, בייג איך זיך אויס אַהין. און אַז די שיף בייגט זיך אַהין, טוט איך זיך אַ בייג אַהער. ווערט עס אָנגערופֿן באַלאַנץ"...

און בייגנדיק זיך אַהין און אַהער, האָט פּיניע אונדז באַוויזן אַ "באַלאַנץ", אַז ס'איז ניט גוט געוואָרן אויך מײַן ברודער אליהו, און ביידע האָבן זיי גענומען און אַוועקגעגעבן וואָס זיי האָבן אַמאָל געהאַט... דאָס אייגענע האָבן געטאָן אויך די איבעריקע פּאַסאַזשירן. מע האָט זיך קוים פֿאַרשלעפּט איטלעכער צו זײַן געלעגער און מען איז אַנידערגעפֿאַלן, ווי די סנאָפּעס, און ערשט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער רעכטער גיהנום פֿון קריעת-ים-סוף...

- ד -

איך און מײַן חבֿר מענדל האָבן זיך געהאַלטן לענגער פֿון אַלעמען. מענדל האָט געהאַט אַ סגולה פֿון אַן עמיגראַנט, וואָס איז געפֿאָרן מיט אונדז אינאיינעם און האָט אונדז כּסדר געגעבן עצות. דער דאָזיקער עמיגראַנט איז אַ "גערויכערטע ליולקע". אַזוי זאָגט ער אַליין אויף זיך. ער איז שוין דרײַ מאָל געפֿאָרן אויפֿן ים קיין אַמעריקע הין און צוריק. ווייס ער אַ סגולה צום ים. די סגולה באַשטייט אין דעם, מע זאָל

זיצן אין דרויסן אויף דער פּאַלובע, קוקן אין דער ברייט פֿונעם ים, ניט אין דער לענג, און ניט אין זינען האָבן, אַז איך פֿאָר רײַטנדיק אויף אַ פֿערד, נאָר אַז איך שליטל זיך מיט אַ שליטן אויפֿן שניי. דער סוף איז געווען, אַז דער עמיגראַנט, די "גערויכערטע ליולקע", איז געלעגן אַ טויטער אויף זײַן געלעגער, און איך און מײַן חבֿר מענדל זײַנען מיר פֿונעם רעגן געוואָרן פּיטש-נאַס, כאָטש אויסצודרייען. צו אונדזערע געלעגערס האָבן מיר שוין אַליין ניט געקאָנט טרעפֿן. מע האָט אונדז גענומען מחילה אונטער די הענט און אָפּגעפֿירט אין אונדזער רו אַרײַן.

- ה -

וויפֿל צײַט דאָס קריעת-ים-סוף האָט גענומען? אַ טאָג, צוויי און אפֿשר אַלע דרײַ - דאָס ווייס איך ניט. איך האָב שוין פֿאַרגעסן. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט, איז געווען אַ פֿרייד צו לעבן אויף דער וועלט. דער הימל איז געוואָרן ריין, ווי גינגאָלד. דאָס וואַסער - ווי אַ גלאָז. דער "פּרינץ אַלבערט" איז געלאָפֿן אַן אויסגעצוואָגענער, אַן אויסגעפּוצטער, געשניטן מיט די רעדער דאָס וואַסער, געפּינעט, געברויזט און געשפּריצט אויף אַלע זײַטן. די פּאַסאַזשירן האָבן אויפֿגעלעבט. מען איז אַרויס אין דרויסן אַלע, גרויס און קליין, אויף דער וואַרעמער זון, אויף דער שיינער ליכטיקער וועלט. עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז אָט באַלד וועט מען קאָנען זען דאָס לאַנד. איך און מײַן חבֿר מענדל זײַנען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַלעמען די

גוטע בשׂורה, אַז מע זעט שוין דאָס לאַנד. פֿון דער ווײַטן האָט דאָס אויסגעזען ווי אַ פֿלעק, אַ געלע, גרויסע פּליאַמע. די פּליאַמע ווערט אַלע מאָל גרעסער און ברייטער. מע זעט שוין שיפֿן פֿון דער ווײַטן. אָן אַ שיעור שיפֿן מיט הויכע, דינע זעגל-ביימער. גיך זײַנען פֿאַרגעסן געוואָרן אַלע צרות. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך אָנגעטאָן יום-טובֿדיק. די ווײַבער האָבן זיך אויסגעפּוצט. מײַן ברודער אליהו האָט צעקעמט די באָרד. ברכה און טײַבל האָבן זיך אויסגעשלייערט. די מאַמע האָט אָנגעטאָן איר שבתדיקע זײַדענע פֿאַטשיילע. איך און מײַן חבֿר מענדל האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצוטאָן. און ס'איז טאַקע קיין צײַט אויך ניט געווען. מע האָט שוין געהאַלטן אָט-אָט בײַם צופֿאָרן צו דעם ברעג פֿון אַמעריקע. עס איז געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן און גוט אויפֿן האַרצן. פּונקט אַזוי האָבן זיך באַדאַרפֿט פֿילן די ייִדן נאָך קריעת-ים-סוף. עס האָט זיך געגלוסט זאָגן שירה.

- ו -

"שלום-עליכם דיר, קאָלומבוס! זײַ געגריסט, דו פֿרײַע מדינה! דו גאָלדענע, גליקלעכע מלוכה!"

אַזוי האָט אונדזער חבֿר פּיניע באַגריסט דאָס נײַע לאַנד. ער האָט אַזש אַראָפּגעכאַפּט דעם קאַפּעליושל, זיך אײַנגעבויגן און זיך פֿאַרנייגט. און אַזוי ווי איר ווייסט, אַז ער האָט אַ נידעריקע ראיה, האָט ער ניט באַמערקט, אַז עס לויפֿט פֿאַרבײַ אַ געזונטער, פֿאַרשוויצטער מאַטראָס, מיט אַ רויט פֿאַררויכערט פּנים, און האָט זיך מיט אים צעבוצקעט פּנים-אל-פּנים. דאָס הייסט, אונדזער חבֿר פּיניעס שפּיץ נאָז איז אויסגעקומען דעם פֿאַררויכערטן מאַטראָס אַקוראַט צווישן די אויגן. אַ גליק, וואָס דער מאַטראָס איז בטבֿע אַ גוטער גוי, ניט קיין רשע. האָט ער באַטראַכט אונדזער פּיניען מיט דער צעשלאָגענער נאָז, אַ שמייכל געטאָן און אַ מרוקע געגעבן אונטער די וואָנצעס. אַ פּנים, דאָס איז געווען אַ קללה אויף אַמעריקאַנער לשון.

- ז -

מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַ בהלה. דריטע-קלאַס-פּאַסאַזשירן, בעט מען, זאָלן מוחל זײַן אַראָפּ אונטן אין זייערע שטײַגעלעך. צוריק פֿאַרנעמען זייערע ערטער. פֿריִער מיט גוטן. דערנאָך מיט בייזן. ווער עס אײַלט זיך נישט צו גיין, כאַפּט אַ סטוסאַק פֿון הינטן. אַלע זײַנען דאָ, יונג און אַלט. ייִדן און ווײַבער און קינדער, גויים, טערקן, ציגײַנער. ס'איז אַ דערשטיקעניש. די טיר האָט מען געשלאָסן. אַ קייט האָט מען אויפֿגעהאַנגען אַן אײַזערנע. מיר קאָנען זען נאָר דורך די פֿענצטער, וואָס אין דרויסן טוט זיך. קיינמאָל האָבן מיר זיך נישט געפֿילט אַזוי שלעכט, ווי אַצינד. מיר האָבן אויסגעזען בײַ זיך אין די אויגן, ווי געפֿאַנגענע. "פֿאַר וואָס? פֿאַר ווען?" - אַזוי טענהט צו מיר מײַן חבֿר מענדל און די אויגן זײַנע ברענען, שיסן מיט פֿײַער...

- ח -

לאָזט זיך אויס אַ מעשׂה, אַז מיר זײַנען שוין געקומען. געקומען קיין אַמעריקע. נאָר וואָס דען? די פּאַסאַזשירן פֿון ערשטן און צווייטן קלאַס האָט מען אַראָפּגעלאָזט דורך אַ לאַנגן לייטער מיט אַפֿשר הונדערט טרעפּ. נו, און וואָס וועט זײַן מיט אונדז? מיר זײַנען דאָך שוין אין אַמעריקע!

- נישט פֿאַר אונדז געדאַכט! - רופֿט זיך אָפּ אַ ייִד אַ שנײַדער פֿון הײַסין. דווקא נישקשה פֿון אַ מענטשל, נאָר אַ ביסל אַ נודניק. ער גייט אויסגעפּוצט, טראָגט שאַרפֿע ברילן, האַלט פֿון זיך אַן עולם-ומלואו און האָט ליב ריידן אויף צו-להכעיס. ער דאַרף נאָר הערן וואָס איר זאָגט, זאָגט ער קאַפּויער. צווישן אים און אונדזער חבֿר פּיניע זײַנען שוין פֿאָרגעקומען עטלעכע סטיטשקעס. מײַן ברודער אליהו האָט זיי קוים צעזעצט. דער שנײַדער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט, מער מיט פּיניען קיין וואָרט ניט ריידן, דערפֿאַר וואָס פּיניע האָט אים באַליידיקט. ער האָט אים אָנגערופֿן מיט אַלע מיאוסע נעמען: "חייט", "שנײַדערוק" און "פֿאַלגוץ". און האָט אים אַ פֿרעג געגעבן: וויפֿל האָט ער אויף זײַן לעבן אָנגעגנבֿעט "ייִתּור"?... איצט, אַז מע האָט אונדז פֿאַרשפּאַרט, האָט זיך דער הײַסינער שנײַדער מיטאַמאָל צערעדט. און דווקא מיט לשון-קודש ווערטער:

- מה אָנו, מה חיינו - וואָס זײַנען מיר? ווער זײַנען מיר? משול כּחרס הנשבר - מיר זײַנען געגליכן צו, להבֿדיל, סקאָט. סקאָט אַז מע פֿירט אַרײַן, דאַרף מען דאָס באַטראַכטן...

פֿאַלט אָן אויף אים אונדזער חבֿר פּיניע. ער זאָגט, אַז דער משל איז נישט גלײַך צום נמשל. אַז מע רעדט פֿון אַמעריקע, באַדאַרף מען, זאָגט ער, פֿריִער די הענט וואַשן. און ער הייבט אָן שיטן מיט זײַנע שיינע ווערטער, ווי פּיניע קאָן. ער קאָן ניט הערן, אַז מע רעדט אויס אַ שלעכט וואָרט אויף אַמעריקע. פֿאַרענטפֿערט זיך דער הײַסינער שנײַדער. ער זאָגט, אַז ער רעדט נישט פֿון אַמעריקע נישט גוט, נישט שלעכט. ער זאָגט דאָס נאָר אַקעגן דעם, וואָס ס'איז אַלצדינג גוט, און שיין, און פֿײַן, נאָר נישט פֿאַר אונדז געדאַכט... אונדז וועט מען אַזוי גיך נישט אַראָפּלאָזן... פּיניע גייט אַרויס פֿון די כּלים. ער שרײַט:

- וואָס דען וועט מען מיט אונדז טאָן? מען וועט אונדז אײַנזאַלצן? "מע וועט אונדז נישט אײַנזאַלצן, - זאָגט דער הײַסינער שנײַדער מיט גאַל און האָט הנאה - נאָר מע וועט אונדז ברענגען אין אַזאַ מין אָרט, וואָס מע רופֿט דאָס "עליס אײַלאַנד". דאָרט וועט מען אונדז פֿאַרשפּאַרן ווי די קעלבלעך אין אַ שטאַל, ביז אונדזערע פֿרײַנט און באַקאַנטע וועלן זיך אַמאָל דערמאָנען קומען אונדז אַראָפּנעמען..."

פיניע שפּרינגט אַזש אונטער: "עס איז דיר אַן אַנטיק מיט דעם ייִדן! בראָש ווייס אייך דער דאַזיקער חייט פֿון אַלע שווערע הערצער! נישט אַזוי אַלט, ווי גענײט! אָט ווייסן מיר אויך, אַז ס'איז דאָ אַ קעסטל-גאַרדן, מיין איך אַן "עליס אײַלאַנד", פֿונדעסטוועגן האָב איך ניט געהערט פֿון קיינעם, אַז "עליס אײַלאַנד" איז געשטעלט געוואָרן דערויף, מע זאָל האַלטן מענטשן אַזוי ווי קעלבלעך"... וואָס ווײַטער היצט זיך אונדזער פיניע אַלץ מערער. ער טרעט אַרויף אויף דעם הייַסינער שנײַדער, גלײַך ווי ער וואָלט אים וועלן דורס זײַן. דער הייַסינער שנײַדער שרעקט זיך איבער און רוקט זיך אָפּ. ער זאָגט:

- שאַט! זעט נאַר! מע האָט אים געקוילעט די קאַפּאָטע! גערעדט אויף זײַן אַמעריקע! איז לא-פֿידלתּי! מיר'ן עלטער ווערן מיט אַ פּאָר שעה, וועלן מיר קליגער ווערן...

III
אין געפֿענקעניש
- א -
ניט אומזיסט האָט אונדזער חבֿר פּיניע געוואָרפֿן אַן אומחן אויף "עליס אײַלאַנד", גרייט געווען מאַכן דערויף אַ ליד און צעקריגט זיך מיט מײַן ברודער אליהו. דעם כּעס האָט ער אָבער געהאַלטן אין זיך. פּיניע האָט ניט געוואָלט, אַז דער הייַסינער שנײַדער זאָל ווייסן, אַז ער, פּיניע, איז ניט צופֿרידן מיט אַמעריקע. האָט ער זיך געמאַכט האַרץ. נאָר אינעווייניק האָט דאָס אים געברענט מיט סכּנות. "ס'טײַטש-ס'טײַטש, מע זאָל נעמען מענטשן און אײַנשפּאַרן זיי, ווי סקאָט, ווי אַרעסטאַנטן, ווי געפֿאַנגענע!" - אַזוי האָט ער געטענהט שטילערהייט מיט אליהון נאָכדעם, ווי מע האָט אונדז געבראַכט צו פֿירן אויף "עליס אײַלאַנד". קומט אויס, אַז דער הייַסינער שנײַדער איז געווען גערעכט. ער האָט פֿריִער נבֿיאות געזאָגט, אַז ס'וועט אַזוי זײַן. נישט מער, ער האָט אַביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט געזאָגט, אַז מע וועט אונדז אײַנשפּאַרן אין אַ שטאַל. צום סוף האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ גרויסער ליכטיקער שטוב און מע האָט אונדז געגעבן עסן און טרינקען און אַלצדינג אומזיסט, אַן געלט. גוטע ליבע מענטשן! נאָר וואָס דען? איידער מיר האָבן דערלעבט צו קומען צו דער דאָזיקער שטוב - טאַטע-פּאָטער! דורך אַ לאַנגער בריק מיט טירלעך בײַ די זײַטן זײַנען מיר דורכגעגאַנגען איינציקווײַז. אויף יעדער טריט האָט אונדז אָפּגעשטעלט אַן אַנדער אָנשיקעניש מיט אַ קנעפּל, באַקוקט, באַטראַכט, באַזוכט, באַטאַפּט. פֿריִער פֿון אַלצדינג האָט מען מיט אַ ווייס פּאַפּירל אונדז איבערגעקערט די ברעמען אויף דער לינקער זײַט, באַטראַכטן די אויגן. דערנאָך די איבעריקע אבֿרים. און יעדער באַזונדער שטעלט אַוועק אויף אייך אַ צייכן מיט עפּעס אַ קרײַדל און טוט אייך אַ ווײַז מיט דער האַנט, וווּהין איר זאָלט גיין - רעכטס אָדער לינקס. דערנאָך זײַנען מיר ערשט אַרײַנגעקומען אין יענער גרויסער שטוב, וואָס איך זאָג אייך. און ערשט דאָרט האָבן מיר זיך אָפּגעזוכט איינס דאָס אַנדערע. ביז דעמאָלט זײַנען מיר געווען צעטומלט און נישט געקאָנט געפֿינען זיך. און צעשראָקן זײַנען מיר געווען, ווי די קעלבער, ווען מע פֿירט זיי צו דער שחיטה.

- ב -
וואָס האָבן מיר, מיינט איר, מורא געהאַט? די גאַנצע מורא אונדזערע איז געווען - דער מאַמעס אויגן: וואָס וועט זײַן מיט אירע רויטע פֿאַרוויינטע אויגן? לאָזט זיך אויס, אַז איר האָט מען ווינציקער פֿון אַלעמען געקוקט אין די אויגן אַרײַן.

- דאָס האָט ער זיך געמיט, דער טאַטע אײַערער, אַ ליכטיקן גן-עדן זאָל ער האָבן!... - אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע און האָט אונדז אַלעמען אַרומגענומען און צעוויינט זיך אַזש פֿאַר פֿרייד. זי האָט גאָרנישט געוווּסט וואָס צו טאָן פֿאַר ווילטאָג. און אויך מײַן ברודער אליהו איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. אַזוי האָט ער אַ טבֿע, אַז בעת מע לויפֿט, מע פּאַרט, מע איז צעטראָגן, לאָזט ער אויס זײַן גאַנץ ביטער האַרץ צו מיר. עס פֿליִען פּעטש, ווי האָלץ. און ברכה העלפֿט אים אונטער מיט אַ קללה. איצט איז אויף אים אַ נײַע הויט געוואָרן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע און געשענקט מיר אַן אָראַנדזש * . דאָס הייסט, אַ מאַראַנץ. פֿאַרבליבן בײַ אים פֿונעם שיף. אויפֿן "פּרינץ אַלבערט" האָט מען אונדז געטיילט אַלע טאָג מאַראַנצן. אָראַנדזשעס רופֿט מען עס דאָרט. ווער ס'האָט געוואָלט, דער האָט געגעסן. ווער נישט - דער האָט זײַן מאַראַנץ באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל נישט זען, ווײַט אין קעשענע. איך האָב מײַנע נישט באַהאַלטן. ווי אַזוי קאָן מען זען אַזאַ פּרי און נישט אויפֿעסן? - נאָר העכער פֿון אַלע האָט אויסגעדריקט זײַן גדולה אונדזער חבֿר פּיניע. ער האָט געזאָגט צו אונדז אַלע:

- נו? ווער איז קלוג? איך, צי איר? האָב איך נישט געזאָגט אַז דאָס האָבן שׂונאים אויסגעטראַכט אויף אַמעריקע, אַז מע לאָזט נישט אַרײַן אַ מענטשן, וואָס האָט פֿאַרוויינטע אויגן? מענטשן לייַדיקגייערס, ליגנערס, באַרעדערס, לשון-הרעניקעס, בייזע צינגער, לײַדאַקעס, פּאַרכעס! זיי וועלן שוין באַלד אויסטראַכטן אויף אַמעריקע, אַז מע טרײַבט צו שמד. ווּ איז ערגעץ דער הייַסינער שנײַדער, אַ רוח אין זײַן טאַטנס ביינער אַרײַן?...

האָט זיך, הייסט דאָס, אונדזער חבֿר פּיניע ווידער איבערגעבעטן מיט אַמעריקע.

- ג -

פֿון גרויס אימפּעט האָבן מיר זיך אין דער בהלה גאָרנישט אַרומגעקוקט אַז פֿון אונדזער קאָמפּאַניע פֿעלט איינער. דאָס איז געווען מײַן חבֿר מענדל. די ערשטע האָט זיך אַרומגעזען דווקא ברכה. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און אַ פּליעסק געגעבן מיט די הענט: "ווייִ איז מיר - ווו איז דער לאָשיק?" "אַ דונער האָט מיך דערשלאָגן!" - זאָגט די מאַמע, און מיר האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געגעבן זוכן מענדלען. און מענדל איז נישטאָ. פֿאַרפֿאַלן, ווי אין וואַסער אַרײַן.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שולדיק איז ער אַליין. טאַקע מענדל, מײַן איך. בײַם פֿאַרהער האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרפּלאָנטעט. קודם האָט ער זיך פֿאַרשטעלט, ווי דעמאָלט אין דײַטשלאַנד, פֿאַר אַ שטומען. דערנאָך האָט ער מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו ריידן מוראדיקע נאַרישקייטן. אָט האָט ער געזאָגט, אַז ער איז ערשט אַלט צען יאָר, און אָט איז אים אויסגעקומען צו זאָגן, אַז ער איז שוין בר-מיצווה און אַז ער לייגט שוין תּפֿילין. און צום סוף האָט ער זיך מודה געווען און אויסדערציילט פֿאַר די קנעפּלעך דעם גאַנצן אמת: אַז ער איז אַ פֿאַרלוירענער. דאָס הייסט, אַז בײַם אַריבערכאַפּן זיך איבער דער גרענעץ האָבן טאַטע-מאַמע אים ערגעץ אין דײַטשלאַנד פֿאַרלוירן, און אַז מיר האָבן אים פּרילאָנטשעט. און אַז ער קאָן נישט אָנרופֿן דעם ריכטיקן אָרט און אַדרעס פֿון זײַנע עלטערן, ווײַל ער ווייס אַליין נישט. ער זאָל וויסן, זאָגט ער, ווו זיי זײַנען, דאַרף ער נישט קיינעמס לאַסקע. ער וואָלט אַליין, זאָגט ער, צו זיי געטראָפֿן. האָט מען אים דעריבער אײַנגעשפּאַרט, מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, אין אַ באַזונדער חדר. מע וועט זיי שפּעטער אַלע אינאיינעם צוריקשיקן.

\- ד -

דערהערט אַזאַ מעשׂה, האָבן מיר זיך אַרויסגעשטעלט אַלע פֿאַר דעם אומגליקלעכן מענדלען. די מאַמע האָט געמאַכט אַ גוואַלד. זי וועט דאַרפֿן אָפּגעבן דין-וחשבון פֿאַר אַ לעבעדיקן יתום. טאָמער באַגעגנט זי זיך אַמאָל מיט זײַנע טאַטע-מאַמע - וואָס וועט זי זיי זאָגן?

וואַרט-אויס אַ קאַפּעטשקעלע - איר זײַט נאָך מיט זיך אַליין אויך נישט פֿאַרטיק... - אַזוי זאָגט צו איר דער הײַסינער שנײַדער. "ויבֿוא המן!" - זאָגט פּיניע און קוקט בייז אויפֿן שנײַדער. ער איז גרייט אים אָנכאַפּן פֿאַרן גאָרגל. דער שנײַדער מאַכט זיך נישט וויסנדיק. ער טוט און דרשענט, גלײַך ווי עמעצער פֿרעגט בײַ אים. ער לייגט אונדז שטיינער אויפֿן האַרצן. ער רעכנט אויס אַ גאַנץ צעטל פֿון צרות, יסורים און לייד, וואָס מיר האָבן נאָך אויסצושטיין. מע וועט בײַ אונדז, זאָגט ער, פֿריִער נעמען די אַדרייסים פֿון אונדזערע פֿרײַנט אָדער באַקאַנטע. דערנאָך וועט מען בײַ אונדז נעמען, זאָגט ער, געלט אויף צו קלאַפּן אַ דעפּעש צו אונדזערע באַקאַנטע און וואַרטן, ביז עמעצער וועט אַמאָל קומען. און ערשט דעמאָלט, זאָגט ער, ווען יענער וועט זאָגן, אַז ער קען אונדז און ווייס אונדז און איז ערבֿ פֿאַר אונדז אַז מיר וועלן דאָ זײַן גוט און פֿרום צו גאָט און צו לײַטן, וועט מען אונדז, זאָגט ער, אַרויסלאָזן פֿון געפֿענקעניש.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אונדזער חבֿר פּיניע צינדט זיך אָן ווי אַ שוועבעלע. ער קוקט אויף מײַן ברודער אליהו און רעדט צום שנײַדער. ער פֿרעגט בײַ אים נאָר איין זאַך: פֿון וואַנען איז ער דאָס אַזוי געניט אין די זאַקאָנעס פֿון "עליס אײַלאַנד"? ענטפֿערט אים דער שנײַדער, אַז ער האָט זיך באַקענט דאָ אויפֿן שיף מיט איינעם אַן עמיגראַנט, וועלכער איז שוין געפֿאָרן קיין אַמעריקע דרײַ מאָל הין און צוריק. דאָס מיינט ער, אַ פּנים, די "גערויכערטע ליולקע". פֿון אים איז ער דאָס געוווירן געוואָרן אַלע דינים און מינהגים. און נישט נאָר דאָס אַליין. ער האָט פֿון דער "גערויכערטער ליולקע" גענאַשט נאָך אַ סך, אַ סך זאַכן, וואָס זײַנען שייך צו אַמעריקע. אַזוי, אַז ער פֿאָרט אַהין שוין אַ פֿאַרטיקער, אַן אַמעריקאַנער. ער ווייס שוין אַפֿילו, ווי אַזוי צו ריידן אויף אַמעריקאַנער לשון. צום בײַשפּיל: "טשיקען * ", "קיטשען * ", "שוגער * ", "מיסטער", "בוטשער * ", "בריטש * ". וואָס דאָס באַדײַט - וויל ער נישט זאָגן. אַז מיר'ן זײַן אויפֿן אָרט, זאָגט ער, וועלן מיר שוין אַליין געוווירע ווערן וואָס דאָס איז. פּיניע טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און טרעט אָפּ אויף אַ זײַט, ווי איינער רעדט: "עלעהיי אַ הונט בילט"...

\- ה -

מיינט איר, אַז עס איז נישט געווען אַלצדינג אַקוראַט, ווי דער הײַסינער שנײַדער האָט אונדז פֿאָרגעזאָגט? - נישט געמינערט אַ האָר! אַז מיר זײַנען דורכגעגאַנגען די שיבֿעה-מדורי-גיהנום פֿון די דאָקטוירים, האָט מען אונדז אַ פֿרעג געגעבן, וועמען האָבן מיר אין אַמעריקע? שטעלט זיך אַרויס פֿריִער די מאַמע: "פֿרעגט בעסער, וועמען האָבן מיר דאָ נישט"? און זי איז גרייט שוין אויסצורעכענען בײַ די נעמען אַלע אונדזערע פֿרײַנט און באַקאַנטע. אַ חיות אַ קוק צו טאָן אויף מײַן מאַמע אַצינד, נאָך דעם, וואָס מע האָט זי דורכגעלאָזט מיט אירע פֿאַרוויינטע אויגן. מײַן מאַמע איז שוין נישט קיין יונגיטשקע, נאָר זי איז נאָך מלא-חן. איך האָב שוין לאַנג נישט געזען, די מאַמע זאָל אַזוי שײַנען, ווי זי שײַנט אַצינד. לאָזט זי אָבער מײַן ברודער אליהו נישט ריידן. די אַדרייסים זײַנען, זאָגט ער, בײַ אים פֿאַרשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. ווייס ער בעסער. מישט זיך אַרײַן פּיניע און זאָגט, אַז מע פֿרעגט נעמען, ניט קיין אַדרייסים. האַקט אים אָפּעט ברכה און זאָגט, אַז בסך-הכּל האָט ער, פּיניע הייסט עס, קיינעם נישט אין אַמעריקע. די אַלע פֿרײַנט און באַקאַנטע זײַנען אונדזערע פֿרײַנט. ווערט פּיניע אָנגעצונדן און פֿרעגט בײַ איר אַ קשיא: "מיט וואָס, למשל, איז פּעסיע די גראָבע, אָדער איר מאַן משה דער אײַנבינדער, אונדז מער שמעלקע, ווי אים?" ענטפֿערט אים ברכה, אַז פּעסיען האָט זי אין דער ערד. אַז זי זאָגט קרובֿים, מיינט זי דאָס איר טאַטע יונה דעם בעקער. לאָזט זיך אויס, אַז גערעכט איז אליהו. זיי פֿרעגן ניט אויף באַקאַנטע. זיי פֿרעגן

אויף אַדרייסים. און עס הייבט זיך אָן אַ חתונה מיט אַדרייסים.

- ו -

אויף אַדרייסים לייענען איז, פֿאַרשטייט זיך, פּיניע מער בריה פֿון אונדז אַלעמען. נעמט ער צו בײַ אליהון דאָס פּאַפּירל, טראָגט דאָס צו צום שפּיץ נאָז און לייענט די אַדרייסים מיט דעם ניגון, ווי מע לייענט תּנאָים אויף אַ קנס-מאָל. פֿאַרשטייט מען אָבער נישט וואָס ער זאָגט. עס קומט אויס בײַ אים יעדער וואָרט קאַפּויר. רײַסט אַרויס בײַ אים אליהו דאָס פּאַפּירל מיט די אַדרייסים און גיט עס איבער דעם "קנעפּל". זאָגט דאָס "קנעפּל" צוויי ווערטער: "אָל-רײַט * . ווייסן מיר נישט וואָס דאָס באַדײַט. זאָגט אונדז דער הײַסינער שנײַדער, אַז ער ווייס. די ווערטער "אָל" און "רײַט" איז, זאָגט ער, אַלץ איינס, ווי, למשל, בײַ אונדז די ווערטער: "מילא בקיצור". אָדער "מהיכא-תּיתי". אָדער "נו-נו". דאָס הייסט, עס וועט שוין זײַן ווי געוווּנטשן.

דערנאָך האָט מען גענומען בײַ אונדז קליינגעלט און מע האָט אַוועקגעקלאַפּט צוויי דעפּעשן. איין דעפּעש צו משה דעם אײַנבינדער מיט זײַן ווײַב פּעסיע די גראָבע - צו יונה דעם בעקער. די אַנדערע - צו יונה דעם בעקער. און אַליין האָבן מיר זיך דערוויילע מכבד געווען מיט אַ גוטן אָנבײַסן. דער אָנבײַסן איז געווען נישט אַזוי פֿויגלדיק. דאָס ביסל טיי, וואָס מע האָט דערלאַנגט, האָט ברכה געזאָגט, אַז מען קאָן עס שנײַדן מיט אַ מעסער. דערפֿאַר האָט אונדז דער אָנבײַסן נישט געקאָסט גאָרנישט נישט. אויף "עליס אײַלאַנד" באַקומט מען, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, אַלץ אומזיסט. איבערגעכאַפּט דעם הונגער, האָבן מיר גענומען וואַרטן אויף אונדזערע פֿרײַנט און באַקאַנטע.

- ז -

נישט אַזוי גיך טוט זיך עס אָבער, ווי עס רעדט זיך. עס זײַנען אונדז גוט די אויגן אַרויס, ביז מיר האָבן דערלעבט צו זען אַ באַקאַנטן. די ערשטע איז געקומען אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע מיט איר מאַן משה דעם אײַנבינדער. דאָס הייסט, געזען האָבן מיר זיי נישט - מיר זיצן דאָך אײַנגעשפּאַרט. נאָר מע האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז ס'איז געקומען צו אונדז אַ דיקע פֿרוי מיט איר מאַן. האָבן מיר שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זײַן פּעסיע מיט איר משהן. מע לאָזט זיי נישט צו צו אונדז. מע האַלט זיי דאָרט אויפֿן פֿאַרהער. קרענקט דאָס אונדז זייער. גיט מען אונדז אָן עצה, מיר זאָלן אונטערשמירן די שומרים, וואָס בײַ דער טיר, וועט מען אפֿשר זיי יאָ צולאָזן. לאָז זײַן כאָטש פֿון דער ווײַטן. זאָגט אָבער אונדזער חבֿר פּיניע, אַז אַמעריקע איז ניט "ריסנלאַנד". אין אַמעריקע שמירט מען ניט. זאָגט דער הײַסינער שנײַדער )אומעטום איז ער דאָ(, אַז די גאַנצע וועלט איז איין שטאָט. "כּסף וזהבֿ מטהר ממזרים"... פּיניע בלײַבט אָן לשון.

- ח -

אַוודאי איז דער הײַסינער שנײַדער געווען גערעכט. עס האָט אונדז געקאָסט אַ קוואָדער )אַזאַ מטבע פֿון אַ פֿערטל טאָלער(, און מיר האָבן געזען דורך די גראַטעס אונדזער שכנה פּעסיע. דאָס רויטע פּנים אירס מיט דעם פֿעטן גוידער האָבן געשוויצט. געשמייכלט צו אונדז פֿון דער ווײַטן. די מאַמע האָט צו איר געשאָקלט מיטן קאָפּ, און ביידע האָבן געוויינט מיט טרערן. הינטער אירע ברייטע פּלייצעס האָט אַרויסגעקוקט איר מאַן, משה דער אײַנבינדער. שוין ניט אין קאַשקעט, ווי אין דער היים, נאָר אין אַ קאַפּעליוש גאָר. אין אַ מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן אויך יונה דער בעקער מיט די בייזע אויגן. יונה האָט זיך ווינציק-וואָס פֿאַרענדערט. נאָר די באָרד - אוי-וויי! די באָרד!... זײַן ווײַב פֿון דער רעטאָנדע איז אויך געקומען. מע וויל זיך אָפּגעבן שלום-עליכם, מע וויל זיך אַרומנעמען, האַלדזן זיך, קושן זיך. מע וויל זיך צעפֿרעגן איינס בײַ דאָס אַנדערע, וואָס מע מאַכט? און וואָס רעדט זיך אויף דער וועלט? און ווי אַזוי לעבט זיך עס אָט דאָ, אין אַמעריקע? איך, למשל, גיי-אויס וויסן, ווו איז ושתּי? וואָס טוט מײַן שוועגערינס שוועסטערל אַלטע? )מע האָט זי מיר גערעדט אַמאָל, אויב איר געדענקט, פֿאַר אַ כּלה(. און די גאַנצע כאַליאַסטרע וואָס מאַכט? נאָר גיי שרײַ חי-וקים, אַז מע קאָן ניט אַ ריר טאָן זיך. מע האַלט אונדז פֿאַרשפּאַרט. זען - זעען מיר זיך דורך די גראַטעס, אַזוי ווי אַרעסטאַנטן, אַזוי ווי געפֿאַנגענע, אָדער אַזוי ווי חיות...

- ט -

אַ רחמנות נעבעך אויף אונדזער חבֿר פּיניע. ער קאָן אונדז ניט קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן. ס'איז אים אַ בזיון פֿאַר אַמעריקע. איר וואָלט געמעגט שווערן, אַז ס'איז זײַן אַמעריקע, און ער דאַרף אָפּגעבן דערפֿאַר דין-וחשבון. אָט פֿון דעמאָלט אָן האָט ער געוואָרפֿן אַן אומחן אויף "עליס אײַלאַנד" און האָט צוגעטראַכט דעם גראַם, אַז "דאָס שטיקל לאַנד געהערט צו איינעם אליהו, וואָס איז אַ נאַר ביז דער סטעליע"... און דעריבער פֿאַרדריסט עס מײַן ברודער אליהו, מחמת ער הייסט דאָך אויך אליהו. צעאַמפּערט מען זיך און מען הייבט אָן צו קריגן זיך. מישט זיך אַרײַן ברכה, און דווקא פֿון פּיניעס צד, און זאָגט מיט אַ משל, ווי איר שטייגער איז, אַז "פֿאַר אַ געשלאָגענעם הונט ווײַזט מען ניט קיין שטעקן"... וואָס מיינט זי דערמיט?

IV

אַ ים פֿון טרערן

- א -

טאָמער איז קאַרג די אייגענע צרות, יסורים און פּײַן, האָט אונדז גאָט באַשערט פֿרעמדע צרות אויף עליס

- ט -
און משה דער אײַנבינדער אַליין זיצט אויך ניט ליידיק. ער פֿאַרנעמט זיך ניט מיט אײַנבינדערײַ, ווי אין דער היים,
מחמת דאָ, אין אַמעריקע, זאָגט ער, דאַרף מען צו דער מלאָכה האָבן אַ מטמון מיט געלט אויף צו דינגען אַ
סטאָר, קויפֿן אינסטרומענטן און האָבן באַקאַנטשאַפֿט. און ווידער, זאָגט ער, זײַן אַ "האַנט" בײַ יענעם, דאָס
הייסט גיין דינען - איז שוין ניט די יאָרן. האָט מען אים געגעבן אַן עצה - צווישן ייִדן ווערט מען ניט פֿאַרפֿאַלן, -
אַז ער זאָל זיך אײַנפּיקסן * אַ סטענד פֿון ספֿרים, ביכער און ביכלעך אויף עסעקס * סטריט, וועט ער מאַכן אַ
לעבן. אונדזער חבֿר פּיניע איז דאָס אַזוי געפֿעלן, אַז ער זאָגט, ער וואָלט אויך אַ בעלן געווען האָבן אַזאַ פּרנסה.
און געפֿעלן איז דאָס אים, זאָגט ער, דערפֿאַר, ווײַל אַרום דעם וואָס מע גייט שמירט מען זיך. פּיניע האָט ליב
ספֿרים און ביכער, ווי אַ פֿיש האָט ליב וואַסער. ער, אַז ער כאַפּט זיך צו צו אַ בוך און שטעקט אַרײַן דעם שפּיץ
נאָז, וועט איר אים ניט אָפּרייַסן.

- י -
און אַפֿילו אונדזער מחותּן, יונה דער בעקער, פֿאַרנעמט זיך אויך ניט מיט זײַן פֿריִערדיקער מלאָכה, דאָס הייסט,
מיט בעקערײַ. פֿאַרוואָס? אַלץ די אייגענע מעשׂה. אויף צו עפֿענען אַ בעקערײַ באַדאַרף מען, זאָגט ער, דאָ האָבן
ראָטשילדס פֿאַרמעגן. און אויסער דעם, באַדאַרף מען, זאָגט ער, באַלאַנגען צו דער "יוניע". און ער איז דערויף,
זאָגט ער, שוין צו אַלט. און גיין אַרבעטן בײַ יענעם ניט אין אַ "יוניע" האָט ער מורא, אַז טאָמער מאַכט זיך אַ
שטרײַק - און דאָס איז אין אַמעריקע אַלע טאָג, - קאָן ער קריגן אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ. וואָס-זשע טוט מען?
איז דאָך שלעכט. האָט מען אים געגעבן אַן עצה, אַז קיין ברויט און קיין חלה זאָל ער טאַקע ניט באַקן. נאָר
וואָס דען? - קנישעס! היימישע קנישעס. מילכיקע מיט קעז, אָדער פֿאַרעווע מיט קרויט. און וואָס זאָלט איר
קלערן - אונדזער מחותּן מאַכט ניט שלעכט. גאָרניט שלעכט! זײַנע קנישעס האָבן אַ שם אויף דער איסט-סײַד *
. אַז איר'ט גיין אויף עסעקס סטריט, וועט איר דערזען אָנגעשריבן אויף אַ פֿענצטער מיט גרויסע אותיות אויף
ייִדיש: בכּאַן פֿאַרקויפֿט מען היימישע קנישעס - זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז אונדזער מחותּן, מײַן ברודער
אליהוס שווער, יונה דער בעקער. און טאָמער וועט איר זען טאַקע אויף דער אייגענער סטריט, אַקוראַט אַקעגן,
אויך אַ ייִדישן אויפֿשריפֿט און אויך מיט גרויסע אותיות: בכּאַן פֿאַרקויפֿט מען היימישע קנישעס - זאָלט איר
וויסן, אַז דאָס איז שוין ניט אונדזער מחותּן יונה דער בעקער. דאָס האָט מען שוין געמאַכט אים אַ קאָנקורענציע.
זאָלט איר אַהינצו ניט גיין. גיין זאָלט איר בעסער צו אונדזער מחותּן, צו מײַן ברודער אליהוס שווער. אַ סימן וועט
איר האָבן, אַז איר וועט אַרײַנקומען, וועט איר באַלד דערקענען אונדזער מחותּן - ער איז אַ בייזער. און אויב איר
וועט ניט דערקענען אים, וועט איר דערקענען זי, אונדזער מחותּנתטע, ריוועלע די בעקערין. זי איז מיט אַ גוידער
און טראָגט קאָרעלן. און מײַן שוועגערין ברכה וועט איר דאָך געוויס דערקענען. זי האָט גרויסע פֿיס. און איר
קליין שוועסטערל, אַ ראַבעטינע מיידל מיט אַ צעפּל, דרייט זיך דאָרט אַרום. זי הייסט אַלטע, און מע האָט זי מיר
אַמאָל געהאַט גערעדט פֿאַר אַ כּלה. נאָר פֿון איר וועלן מיר שמועסן אַן אַנדערש מאָל.

VIII
מיר זוכן אַ דזשאַב
- א -
מען קאָן ניט באַקלאָגן זיך. מיר זײַנען זייער אָנגעלייגטע געסט בײַ אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע און בײַ איר
מאַן משה דער אײַנבינדער. און עס איז אונדז דאָרט גאָר ניט שלעכט. און פֿריילעך איז אויך גענוג. ווער שמועסט
זונטיק, דער טאָג, וואָס די כאַליאַסטרע איז פֿרײַ, - דעמאָלט איז אַ לעבן. מיר נעמען זיך צונויף אַלע, גאַנץ
קליינוואַרג - און מײַן חבֿר מענדל אויך מיט אונדז - און מיר גייען אַוועק אין טעאַטער אַרײַן. איך מיין דאָס די
"מווינג-פּיקטשורס * ". עס קאָסט אַ ניקל אַ פּאַרשוין, און איר זעט זיך אָן אַזעלכע וווּנדיירים, אַז דער קאָפּ
דרייט זיך אַזש! איך זאָל זײַן דעם קייסערס אַ זון, אָדער דזשייקאָב שיפֿס * אַן אייניקל, וואָלט איך גאַנצע טעג
מיט גאַנצע נעכט געלעגן אין די מווינג-פּיקטשורס. איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט אַרויסגעקראָכן פֿון דאָרטן.
מײַן חבֿר מענדל אויך דאָס אייגענע. און ושתּי, דער וואָס הייסט שוין היינט הערריִ, אויך אַזוי. גייט זשע אָבער
רעדט מיט מײַן ברודער אליהו, זאָגט ער, אַז ס'איז אַ שטותערײַ. ס'איז גאָרניט, זאָגט ער. ס'איז פֿאַר קינדער.
פֿרעגט זיך אַ קשיא: ווי באַלד אַז פֿאַר קינדער, פֿאַרוואָס-זשע רײַסט זיך אַהינצו אונדזער חבֿר פּיניע? און זײַן ווײַב
טײַבל? און מײַן שוועגערין ברכה? האָט מײַן ברודער אויף אַלצדינג אַ תּירוץ. די ווײַבער, זאָגט ער, האָבן אַזוי פֿיל
שׂכל, וויפֿל די קינדער. און פּיניע, זאָגט ער, רײַסט זיך אַהין נאָר אים, אליהון, אויף צו להכעיס. דער שפּיץ איז
געווען, אַז אליהו האָט אַזוי לאַנג גערעדט, ביז ער איז איינמאָל אין אַ זונטיק אויך מיטגעגאַנגען מיט אונדז. פֿון
דעמאָלט אָן לאָזט ער ניט דורך קיין איין זונטיק און גייט אין די מווינג-פּיקטשורס. מיר גייען אַלע. יונג און אַלט.
קליין און גרויס. אַפֿילו פּעסיע און משה און אונדזערע מחותּנים - אַלע אַלע. נאָר די מאַמע גייט ניט. "איר מאַן,
זאָגט זי, וועט ליגן אין דער ערד, און זי וועט גיין אין טריאַטער - ניט דערלעבן וועלן דאָס, זאָגט זי, אירע
שׂונאים!"...

- ב -
עס איז ניט שלעכט בײַ אונדזערע שכנים. טאַקע גאָר-גאָר ניט שלעכט. עס איז אָבער ניט קיין תּכלית כּסדר זײַן
בײַ יענעם אַ גאַסט. מע באַדאַרף עפּעס זען אַ טועכץ, "טרײַען אַ דזשאַב". אין אַמעריקע באַדאַרף יעדער "מאַכן

"אַ לעבן". אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. ער גייט אַרום פֿאַרזאָרגט מער פֿון אַלעמען. ער קומט אַלע טאָג צו אונדז פֿון זײַן שווער יונה דעם בעקער און זעצט זיך אַוועק מיט דער מאַמע ריידן וועגן תּכלית. ברכה זיצט אויך דערבײַ. און אונדזער חבֿר פּיניע איז אויך דאָ. ער, פּיניע, האָט פּלאַנען און פּראָיעקטן אָן אַ שיעור. נאָר אַלע זײַנע פּלאַנען טויגן אויף כּפּרות. דאָס הייסט, טויגן טויגן זיי, נאָר זיי געפֿעלן ניט מײַן ברודער אליהו. און טאָמער געפֿעלט עס אליהון, געפֿעלט דאָס ניט ברכהן. למשל, פּיניען איז געקומען אַ געדאַנק, אַז ער און אליהו און ברכה און טײַבל זאָלן אַלע פֿיר גיין אַרבעטן אין שאַפּ און ווערן שנײַדערס. דאָס הייסט, נייען אויף דער מאַשין. דאָ רופֿט מען דאָס "אָפּערייטערס * ". זאָגט אָבער ברכה, אַז ס'איז ניט כּדאַי געוועזן צוליב דער שיינער מלאָכה אַוועקוואַרפֿן די היים, זיך אײַנשטעלן דאָס לעבן איבערן ים און ווערן שנײַדערס אויף דער עלטער. ענטפֿערט איר דערויף אליהו, אַז ער ווייסט ניט וואָס איז שענער - פֿאַרקויפֿן קנישעס אויף עסעקס סטריט, אָדער אַרבעטן בײַ דער מאַשין? ווערט ברכה אָנגעצונדן, למאַי אליהו וואַרפֿט איר אויס קנישעס. זי גיט אים אָנצוהערעניש, אַז ווען ניט איר טאַטנס קנישעס אויף עסעקס סטריט, וואָלטן זיי אַלע געשוואָלן פֿאַר הונגער...

- ג -

אונדזער חבֿר פּיניע האָב איך ליב נאָר פֿאַר זײַן ריידן. ער, אַז ער צעהיצט זיך, איז אַ חיות צו הערן. אויסגעהערט אַלעמענס טענות, כאַפּט ער זיך אויף, מאַכט מיט ביידע הענט און לייגט-אַוועק אַ מענה-לשון. איך געדענק איטלעכס וואָרט. אָט ווי אַזוי פּיניע האָט גערעדט:

- אָ! איר פּינצטערע, ווילדע מענטשן וואָס איר זײַט! אין אײַך ליגט טיף אײַנגעוואָרצלט דער גלות פֿון יענעם וויסטן לאַנד פֿון פֿאָניע, ימח-שמו-וזכרו! אַמעריקע איז אָבער ניט חזיר-לאַנד! אַלע מיליאָנערן און מיליאַרדערן אין אַמעריקע האָבן יונגערהייט געאַרבעט שווער און ביטער. ווער אין שאַפּ, און ווער אויף דער סטריט. פֿרעגט בײַ ראָקענפֿעלער * , קאַרנעגי * , מאָרגען * , וואַנדערבילד * , וואָס זײַנען זיי געווען אַמאָל? צי האָבן זיי ניט געקערט די סטריט? צי האָבן זיי ניט אַרומגעטראָגן קיין פּייפּערס אויף צו פֿאַרקויפֿן? צי האָבן זיי ניט געפּוצט פֿרעמדע שיך פֿאַר אַ ניקל? צי נעמט, למשל, דעם קעניג פֿון אויטאָמאָבילן, מיסטער פֿאָרד * , - פֿרעגט אים, צי איז ער ניט געווען אַמאָל אַ שאָפֿער, אָן אָנטרײַבער? אָדער נעמט גאָר די גרויסע מענטשן, אַ שטייגער, אַ וואַשינגטאָן * , אַ לינקאָלן * , אַ רוזוועלט * - זײַנען זיי דען געבוירן געוואָרן גרויסע מענטשן, פּרעזידענטן? צי אַפֿילו איצטיקער פּרעזידענט ווילסאָן * , זאָל ער מיר מוחל זײַן, איז ניט געווען קיין מלמד?...

- ד -

דאָס קאָן שוין מײַן ברודער אליהו ניט פֿאַרטראָגן. ער האַקט איבער אונדזער חבֿר פּיניען סאַמע אין מיטן:

- ע, פּיניע, דו רעדסט שוין על-ה' ועל-משיחו און אויף "ננתּקה"! דו פֿאַרגעס נאָר נישט, אַז דערווײַל איז ווילסאָן - מלך...

נאָר פּיניע, אַז ער צעהיצט זיך, איז געפֿערלעך. ער לאַכט זיך אויס פֿון מײַן ברודער אליהו:

- כאַ-כאַ! מלך? וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? ניטאָ קיין מלך אין אַמעריקע! אַ פֿרײַע מדינה! אַ דעמאָקראַטיטשעסקע!...

- בקיצור, איז ניט קיין מלך, איז ער פּרעזידענט, וואָס איז די נפֿקא-מינה? - פּרוּווט זיך אליהו. און פּיניע האַקט אים אָפּ:

- ס'אַ גרויסע נפֿקא-מינה! פֿון מלך ביז פּרעזידענט איז אַזאַ חילוק, ווי פֿון "יכּכּה" ביז "יבבה"! אַ מלך איז אַ מלך, און אַ פּרעזידענט איז אַ פּרעזידענט! אַ מלך איז בירושה, און אַ פּרעזידענט קלײַבט מען אויס. ווילן מיר - איז ווילסאָן פּרעזידענט אויף נאָך פֿיר יאָר, ווילן מיר ניט - איז ער צוריק אַ מלמד. און דאָס ווייסטו, אַז אין עטלעכע יאָר אַרום קאָן איך אויך זײַן פּרעזידענט?

- דו? אַ פּרעזידענט?... -

- איך - אַ פּרעזידענט!... -

- ה -

זינט איך קען מײַן ברודער אליהו האָב איך אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי לאַכנדיק, ווי איצט. מײַן ברודער אליהו, ווייסט איר דאָך, איז בכלל אַ מענטש אַ פֿאַרזאָרגטער, אַ מרה-שחורהניק. זעלטן ווען איר זעט אים, ער זאָל לאַכן. און אַפֿילו אַז ער לאַכט, איז אויך נאָר מיט אַ האַלבן מויל. איצטיקס מאָל איז עפּעס אָנגעפֿאַלן אויף אים אַזאַ געלעכטער, אַז מײַן מאַמע האָט זיך אַזש איבערגעשראָקן פֿאַר אים. עס איז אָבער טאַקע געווען פֿון וואָס צו לאַכן. מע האָט באַדאַרפֿט נאָר אַ קוק טאָן אויף אונדזער חבֿר פּיניען, ווי אַזוי ער האַלט די הענט אין די קעשענעס פֿון זײַנע שמאָלע הויזן, וואָס קוים זיי כאַפּן אַרום די נײַע גרויסע אַמעריקאַנער שיך, אויפֿן

האַלדז-טיכל, וואָס טײַבל מאַכט אים אַלע מאָל צו-רעכט, ס'זאָל ליגן גלײַך, און עס פֿאָלגט ניט, כאַטש גיב דעם אַ קרענק, און אויף זײַן האַרט קלײן אַמעריקאַנער קאַפּעליושל, וואָס וויל ניט זיצן אויף איין אָרט, און דער עיקר - אויף זײַנע קורצזיכטיקע אויגן מיט זײַן שפּיצעכיקער נאָז, וואָס קוקט-אַראָפּ אין מויל אַרײַן.

- רבונו-של-עולם! אָט דאָס וועט זײַן אַמאָל אַ פּרעזידענט?... זײַט אַ בריה און לאַכט ניט!

- ו -
גוט אָנגעלאַכט זיך, רופֿט זיך אָן מײַן ברודער אליהו צו דער מאַמע אַזוי:

- מילא, אונדז האָט שוין אונדזער פּיניע באַוואָרנט. מיר גייען אַלע אין שאַפּ און וועלן נייען קליידלעך אויף דער מאַשין. און פּיניע אַליין איז דאָך אַוודאי שוין אַ באַוואָרנטער מענטש - ער וועט דאָך זײַן, אם ירצה השם, אַ פּרעזידענט... וואָס טוט מען אָבער מיט אונדזער קלײנוואַרג?

דאָס מיינט ער מיך און מײַן חבֿר מענדל. ער קאָן ניט לײַדן, וואָס מיר גייען אַרום בטל. ער איז אין כּעס סכּנות, למאַי מיר דרייען זיך אַרום איבער דער סטריט און שפּילן אין "באָל" אָדער אין "טשעקעס" (בײַ אונדז הייסט עס "מיאַטש * " און "קנעפּלעך"). ער האָט זיך אַ פּרווו געטאָן מיך אָנצונעמען בײַם אויער, געדענקט איר דאָך, וואָס פֿאַר אַ מיאוסן פּסק ער האָט געכאַפּט פֿון אַ "ווערגעלעץ", וואָס האָט אים צוגעשטעלט אַ קולאַק אין נאָז אַרײַן - ער זאָל וויסן, אַז אין אַמעריקע קאָן מען זיך "פֿײַטען * ", דאָס הייסט שלאָגן, נאָר מיט אַ גלײַכן.

- וואָלט איר שוין געהאַט אַזאַ דאגה מיט זיך, ווי איר האָט אַ דאגה מיט די קינדער!... - רופֿט זיך אָן משה דער אײַנבינדער און דערמיט גיט ער אונדז אָנצוהערעניש, אַז מיר זײַנען טאַקע זייער ווילע געסט, נאָר ס'איז שוין צײַט, מיר זאָלן עפּעס טאָן, עפּעס אַליין פֿאַרדינען אונדזער שטיקל ברויט...

- ז -
הײַנט אונדז, מיינט איר, איז דאָס אײַנגענעמען צו זיצן בײַ יענעם אויף לאַסקאַווע ברויט? מײַן מאַמע העלפֿט אויס פּעסיען אין קיטשען. זי באַקט און קאָכט און וואַשט און רוימט. אונדזער חבֿר פּיניעס ווײַב טײַבל פֿאַרבעט די בעטן און קערט אויס די רומס. פּיניע אַליין העלפֿט משה דעם אײַנבינדער אויפֿן סטענד בײַ די ספֿרים. כאָטש דעם אמת זאָגן, איז פֿון פּיניעס הילף נישטאָ אַ סך צו וואַרטן. וואָרעם פּיניע, אַז ער דערזעט ספֿרים, איז אים ניט אָפּצורײַסן. שטעקט ער אַרײַן די נאָז אין אַ בוך - איז אַ גוטן טאָג! דאָס אַליין וואָלט נאָך אויך ניט אויסגעמאַכט. האָט ער אַ טבֿע - ער דראַקעט. גאָט האָט אים צוגעשיקט אַ פֿאָנטאַן-פּען, וואָס די טינט גייט ניט אויס אייביק און אייביק. פּאַפּיר איז דאָ וואָלוול, ווער פֿון באָרשטש, - זיצט ער און דראַקעט.

- דו לערנסט זיך שרײַבן? - פֿרעגט אים אליהו. נאָר פּיניע ענטפֿערט אים ניט. ער לייגט-צונויף דאָס אָנגעשריבענע און באַהאַלט עס ווײַט-ווײַט אין די זײַט-קעשענעס פֿון פּידזשאַק פֿון ביידע זײַטן, און ער זעט אויס ווי געשוואָלן.

- ח -
מיר, איך און מײַן חבֿר מענדל, זיצן אויך ניט ליידיק. ביז מיר וועלן אַמאָל קריגן אַ דזשאָב, העלפֿן מיר אויס דער כאַליאַסטרע ווי ווײַט מעגלעך. איך העלף דעם עלטערן באַי קלעצל, וואָס מע רופֿט אים איצטער "סעם", בײַם צעטראָגן די פּעקלעך פֿון די פּייפּער-באָקסעס. און מײַן חבֿר מענדל רײַבט זיך אַמאָל אַרום ווערלוולען, וואָס הײַנט הייסט ער "ווילי", אין דער באַקאַליינע סטאָר, און אַמאָל אַרום פּײַטלען, וואָס מען רופֿט אים הײַנט "פֿיליפּ", דער וואָס פּעדלט מיט יידישע "פּייפּערס". פֿאַר אונדזער אַרבעט באַקומען מיר פֿון זיי ניט קיין שום געצאָלט, אַ חוץ נאָר, וואָס זיי נעמען אונדז זונטיק אויף זייערע הוצאָות אין טעאַטער, איך מיין, אין די מווינג-פּיקטשורס. און אַז מיר גייען אַרויס פֿון די מווינג-פּיקטשורס, זײַנען זיי אונדז מכבד מיט "מאַראָזשענע * ". דאָ הייסט עס "אײַז-קרים * ", און מע עסט דאָס אָדער מיט צוויי שטיקלעך ביסקוויט, וואָס זעט אויס ווי אַ פּורימדיקע פֿלעדל, אָדער מע טרינקט עס מיט סאָדע-וואַסער. דערנאָך "נעמען מיר אַ וואָק * ", אַ שפּאַציר הייסט עס, אין פּאַרק. און פּאַרקן זײַנען דאָ אין ניו-יאָרק אַ סך, און אומעטום לאָזט מען אײַך אַרײַן אומזיסט, אָן געלט. אַמעריקע איז שוין איין מאָל אַ לאַנד! וווּהין איך וויל - אַהין גיי איך, און וואָס איך וויל - דאָס טו איך.

- ט -
האָב איך צײַט, כאַפּ איך זיך אַראָפּ צו מײַן אַמאָליקן חבֿר ושתּי )הײַנט הייסט ער שוין העררי(. איז אָבער זײַן באָסיכע )באַלעבאָסטע( פֿונעם סטענד ניט צופֿרידן. זי האָט באַמערקט, אַז ושתּי רוקט מיר אונטער אַמאָל אַ באָקסער און אַמאָל אַ פּאָר ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. "צוויי נאַשערס, זאָגט זי, קאָן איר סטענד ניט פֿאַרטראָגן"... גיי איך שוין מער ניט צו ושתּין, צו העררין הייסט דאָס. איך וואַרט ביז ער קומט אויף דער נאַכט אַהיים, ברענגט ער מיר אַלע מאָל צו טראָגן עפּעס אין קעשענע אויף צו נעמען אין מויל אַרײַן. דערזעט ברכה, אַז איך קײַ, שטעלט זי מיר צו אַ בענקעלע פֿאַר מײַן ברודער אליהו. פֿרעגט מיך אליהו, וואָס איך קײַ? זאָג איך: "טשאַינגאָם". אָט דאָס, וואָס אַלע קײַען אין אַמעריקע. זאָגט ברכה, אַז עס קערט זיך איר איבער די גאַל פֿון

דעם קיַיען, וואָס מע קיַיט דאָ. זאָגט איר אליהו: "עלעהיי, לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז בהמות מעלה-גרהן"... קאָן דאָס פּיניע ניט ליַידן, למאַי אליהו פאַרגליַיכט די אַמעריקאַנער צו בהמות. ער זאָגט:

- דו נעמסט אַ פאָלק, דאָס גרעסטע, דאָס קליגסטע, דאָס ערשטע.

און דאָס פריַיסטע פאָלק אין דער וועלט, און פאַרגליַיכסט זיי צו, להבֿדיל, בהמות?!... איך וואָלט אַ בעלן געווען, זאָלסט מיר זאָגן נאָר איין זאַך - וואָס וואָלט פון אונדז געווען, ווען קאָלומבוס זאָל חלילה ניט געווען אַנטדעקן אַמעריקע?

- וואָלט עס אַן אַנדערער אַנטדעקט! - ענטפערט אים אָפּ מיַין ברודער אליהו גאָר פראָסט און דווקא ניט לאַנג געטראַכט.

- י -

דאַנקען השם-יתברך, איך קאָן איַיך אָנזאָגן אַ בשׂורה - מיר האָבן שוין אַ דזשאָב. מיר'ן שוין ניט דאַרפן מער אַרומגיין ליידיק. מיר'ן שוין ניט דאַרפן אָנקומען צו לאַסקאַוווע ברויט. מיר אַרבעטן שוין אין שאַפּ. דאָס הייסט, ניט איך און ניט מיַין חבֿר מענדל. אונדז נעמט מען ניט. מיר זיַינען נאָך צו יונג. אין שאַפּ גייען אַרבעטן דערוויַיל צוויי פון אונדזער משפחה: מיַין ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פיניע. וואָס הייסט אַרבעטן אין שאַפּ, און ווי אַזוי אַרבעט מען דאָרט? - דאָס גיי איך איַיך דערציילן.

IX

מיר אַרבעטן אין שאַפּ

- א -

ווי אַזוי מען אַרבעט אין שאַפּ - קאָן איך איַיך אַקוראַט ניט זאָגן. וואָרעם איך ווייס אַליין ניט. מע לאָזט מיך נאָך אַהינצו ניט אַריַין, וואָרעם איך בין נאָך ניט בר-מיצווה. איך ווייס נאָר דאָס, וואָס איך הער פון מיַין ברודער אליהו און פון אונדזער חבֿר פיניע. אַלע אויפדערנאַכט, אַז זיי קומען אַהיים פון שאַפּ, דערציילן זיי אונדז חידושים-ונפֿלאָות. זיי קומען אַלע מאָל אויסגעמאַטערט און הונגעריק. און מיר זעצן זיך עסן און וועטשערע. דאָ הייסט עס "סאַפּער * ". ברכה האָט פיַינט אָט דאָס וואָרט, אַזוי ווי אַן ערלעכער ייִד האָט פיַינט חזיר. נאָך אַ וואָרט איז פאַראַן, וואָס מיַין שווער־געריין קאָן ניט אַריבערטראָגן, דאָס איז אַ "ווינדע". אַ ווינדע הייסט דאָ אַ פענצטער. זאָגט ברכה דערויף: "ווינד און ווי זאָל זיַין צו זיי"... היַינט קאָן זי ניט הערן, אַז מע זאָגט "סטאַקינגס * ". איר ווערט קיינמאָל ניט פאַלן דערויף, אַז סטאַקינגס זיַינען זאָקן. אָדער, אַ שטייגער, וואָס ווערט איר זאָגן אויפן וואָרט "דישעס * "? דאַכט זיך, אַז "פאָסודע * ", זאָגט ברכה, איז אַ סך שענער? אָדער וואָס קאָן זיַין פשוטער פון אַ "לעפל"? ניין. לוינט זיי ניט. ביַי זיי קומט אויס, אַז אַ לעפל איז אַ "ספּון * ". ניט אומזיסט זאָגט ברכה אַ ווערטל (זי האָט זיך אירע אייגענע ווערטלעך): "אַמעריקע איז אַ לאַנד, סטייק * איז אַ מאכל, פאָרק * איז אַ גאָפּל און ענגליש איז אַ שפּראַך"...

- ב -

מיַין ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פיניע אַרבעטן אין צוויי באַזונדערע שעפּער. איינער איז אַן "אָפּרייטער". דאָס הייסט, מחילה, אַ שניַידער. דער אַנדערער איז אַ "פּרעסער * ". אַן אָפּרייטער דאַרף ניט נייען מיט די הענט. ער שטעפּט ביַי דער מאַשין. דאָס דאַרף מען אָבער אויך קאָנען. עס שטעפּט זיך ניט אַליין. ווי זשע קומט דאָס צו מיַין ברודער אליהו, אַז אונדזער טאַטע, און אונדזער טאַטנס טאַטע, און אונדזער טאַטנס טאַטנס טאַטע איז קיינמאָל קיין שניַידער ניט געווען און אַ מאַשין קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען? מיר שטאַמען, זאָגט די מאַמע, פון לויטער חזנים, רבנים און שמשים. איז דאָך שלעכטס! איז דאָס אָבער אַמעריקע. אין אַמעריקע איז ניטאָ אַ זאַך, וואָס אַ מענטש זאָל ניט קאָנען. אין אַמעריקע לערנט מען זיך אויס. אַ סימן האָט איר - למאַי אַ רבֿ? זיַין אַ רבֿ דאַרף מען דאָך אַוודאי קאָנען. אַ רבֿ מוז כאָטש קאָנען פסקענען שאלות. פונדעסטוועגן זיַינען פאַראַן אין אַמעריקע רבנים, דאָ הייסן זיי "רעווערענטן * ", וואָס אין דער היים זיַינען זיי געווען קצבֿים. מיַין ברודער אליהו האָט זיך דאָ באַקענט מיט אַ מוהל, מיט אַ רעווערענט, וואָס מע נעמט אים אויף בריתן. אין דער היים איז ער געווען אַ שניַידער, און נאָך אַ דאַמסקע דערצו!

פרעגט אים אליהו: "היתּכן?"...

ענטפערט ער אים: "אַמעריקע!"...

- ג -

ווי אַזוי האָט זיך מיַין ברודער אליהו אויסגעלערנט שטעפּן? - למאַי ווי אַזוי איז דער דאַמסקע שניַידער געוואָרן אַ מוהל? איז אליהו נעבעך טאַקע גוט אויסגעריסן געוואָרן. מע האָט אים געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין מיט דער מאַשין. איז ער דורכגעגאַנגען עטלעכע מאָל הין און צוריק און איז געוואָרן אָלרייַט. אויף מאָרגן האָט ער שוין געשטעפּט. מאָלט איַיך, אַז אָך און ווי איז געווען צום שטעפּן. נאָר גוט איז

דאָס. למאַי פּיניע האָט דאָס אויך ניט געקאָנט באַוויַיזן? ניט מחמת ער האָט זיך געפֿוילט אַרבעטן. חס-וחלילה! פּיניע וועט איַיך גיין אַרבעטן טאַטשקע-אַרבעט - אַבי מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע. איז די צרה, וואָס ער האָט אַ נידעריקע ראיה און טוט אַלצדינג כאַפּנדיק. מע האָט אים אויך אַוועקגעזעצט ביַי דער מאַשין, ווי מיַין ברודער אליהו. מע האָט אים אויך געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זיי איבערגיין הין און צוריק מיט דער מאַשין. האָט זיך געטראָפֿן מיט אים אַן אומגליק. דאָ ווערט דאָס אָנגערופֿן: "אַן עקסידענץ * ". אונדזער חבֿר פּיניע האָט אין איַילעניש פֿאַרטשעפּעט דעם פּידזשאַק און האָט צוגעשטעפּט דעם לינקן אַרבל צו דער מאַשין. אַ גליק כאָטש, וואָס ניט די האַנט. וויי-וויי, וואָס מע האָט זיך אָנגעלאַכט פֿון אים! חבֿרה שניַידערס האָבן אויפֿגעהויבן אַ הורראַ! "גרינהאָרן" האָבן זיי אים אַ נאָמען געגעבן. גרינהאָרן איז די טיַיטש אַ גרינער. און אַ גרינער הייסט אַזעלכער, וואָס איז נאַר וואָס אַראָפּגעקומען פֿון דער היים און ווייס ניט, ווו אַ טיר עפֿנט זיך. גרינהאָרן איז אַ בזיון, ערגער פֿון אַ גנבֿ... נאָר דאָס וואָלט וואָלט נאָך געווען, ווי זאָגט ברכה, אַ האַלבע צרה. דאַרף זיך טרעפֿן - אָט וועט איר הערן וואָס.

- ד -

פּונקט אין דעם שאַפּ, ווו מיַין ברודער אליהו האָט געאַרבעט ביַי דער מאַשין און אונדזער חבֿר פּיניע איז אויך געקומען לערנען די אַרבעט, האָט זיך געפֿונען אונדזערער אַן אַלטער באַקאַנטער און פּיניעס אַ שׂונא - דער היַיסינער שניַידער. אויב איר האַלט קאָפּ, זיַינען מיר מיטן היַיסינער שניַידער געפֿאָרן אינאיינעם אויף איין שיף, אויפֿן "פּרינץ אַלבערט". איר דאַרפֿט געדענקען מסתּמא דאָס אויך, אַז מיט אונדזער חבֿר איז דער היַיסינער שניַידער געווען אויף מעסערשטעך. באַדאַרף גאָט פֿירן אַזוי, אַז פּיניע זאָל זיך מיט אים באַגעגענען אין איין שאַפּ. און נאָך ווי אַזוי באַגעגענען! אין דעם דאָזיקן שאַפּ איז דער היַיסינער שניַידער אַ גאַנצער מאַכער. ער איז ניט קיין אָפּרייטער ביַי דער מאַשין, נאָר אַ "קאָטער * ". דאָס הייסט, ער איז אַ צושניַידער. ער שניַידט צו, און די אָפּרייטערס נייען. איז אים נאָך ווינציק. ער זאָגט, אַז ער וועט לאַנג ניט זיַין אין די ביזנעס. ער האָפֿט גאָר אינגיכן ווערן אַ "דעזיַינער * ". דאָס איז שוין גאָר אַ גרויס שטריַימל. אַ דעזיַינער הייסט אַזעלכער, וואָס מאַכט פֿאַסאָנען. אַ דעזיַינער פֿאַרדינט פֿופֿציק טאָלער אַ וואָך, און פֿינף און זיבעציק טאָלער אַ וואָך, און הונדערט אויך! אַז עס "באַגליקט אַ מענטשן, ווייס ער ניט פֿון וואַנען! ווי זאָגט ברכה: "איינעם גיט גאָט גאָר, דעם אַנדערן גאָרניט...

- ה -

אַז פּיניע איז אַריַינגעקומען אין שאַפּ, קומט אים דער היַיסינער אַקעגן. ער שטעלט אַוועק אויף אים די שאַרפֿע ברילן, ציט אויס פּיניען אַ יד און מאַכט צו אים: "העללאָו * , לאַנדסמאַן, האַו דו יו דו * ?"... דאָס הייסט: "שלום-עליכם, וואָס מאַכט איר, רב קרובֿ?"... קוקט אויף אים אונדזער חבֿר פּיניע מיט זיַינע קורצזיכטיקע אויגן. ווער איז דער לץ? ער האָט אים גאָרניט דערקענט. ערשט, אַז יענער האָט אים אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿונעם שיף "פּרינץ אַלבערט", האָט זיך פּיניע דערמאָנט ווער דאָס איז. און ס'איז אים געוואָרן, זאָגט ער, דריַי לעכער אין האַרצן. דאַכט זיך, וואָס האָט אים דער היַיסינער שניַידער געטאָן? ער קאָן אָבער, זאָגט פּיניע, זיַין פּנים ניט אָנקוקן. ער זאָל וויסן, זאָגט ער, פֿאַרדינען טויזנטער טאָלער אַ שעה, וועט ער אין דעם דאָזיקן שאַפּ ניט זיַין קיין מינוט אַפֿילו! און דערצו נאָך דער עקסידענץ מיטן צוגעטשעפּעטן אַרבל...

- ו -

בקיצור - פּיניע וועט שוין ניט זיַין קיין אָפּרייטער. ער גייט אַוועק אין אַן אַנדער שאַפּ און באַשטעלט זיך דאָרט פֿאַר אַ פּרעסער. אַן אונטער-פּרעסער דערוויַיל. אַז ער וועט זיך אויסלערנען די אַרבעט, וועט ער גיין העכער און העכער. ביז וווהין?

מע קאָן ניט וויסן, - זאָגט פּיניע. - קיינער ווייס ניט ווער עמענס מאָרגן ס'איז. ניט קאַרנעגי, זאָגט ער, ניט - וואַנדערבילד, ניט ראָקענפֿעלער האָבן געוווּסט, אַז זיי וועלן אַמאָל זיַין דאָס, וואָס זיי זיַינען...

דערוויַיל ווערט נאָך פּיניע גוט פֿאַרשוואַרצט. און אַלץ איבער זיַין טבֿע, וואָס ער האָט ליב אַלצדינג טאָן כאַפּנדיק. און דערצו נאָך זיַין נידעריקע ראיה. ער קומט אַלע טאָג אַהיים אַ צעבריטער.

איינמאָל איז ער געקומען מיט אַ סקאַליעטשעטער נאָז. וואָס איז די מעשׂה? ער האָט זיך ביַים פּרעסן אָפּגעבריט די נאָז. ווי קומט דאָס פּרעסל צו זיַין נאָז? זאָגט פּיניע, אַז זיַין נאָז האָט ניט געוואַרט, ביז דאָס פּרעסל וועט זיך מטריח זיַין צו זיַין נאָז. ער קאָן באַשטיין, זאָגט ער, אַז זיַין נאָז זאָל גיין צום פּרעסל. ווי קומט זי, די נאָז, צום פּרעסל? לאָזט זיך אויס, אַז פּיניע האָט גאָר געזוכט אַ שטיקל אַרבעט, און וויַיל ער האָט אַ נידעריקע ראיה, האָט ער זיך דעריבער אָנגעבויגן האַרט צום טיש און האָט געטראָפֿן מיטן שפּיץ נאָז גליַיך אויפֿן אָנגעגליטן פּרעסל.

- אַ שלימזל אַז ער פֿאַלט אין שניי, טרעפֿט ער אויך אויף אַ שטיין...

איך מיין, אַז איך וועל איַיך ניט דערציילן, ווער דאָס האָט געזאָגט, וועט איר אויך טרעפֿן, אַז דאָס האָט געזאָגט ברכה. מיַין שוועגערין קאָן אַריַינזאָגן...

- ז -
ברכה איז ניט צופֿרידן. מײַן מאַמע אויך ניט. טײַבל אויך ניט. איר האָט אַמאָל געזען, אַז װײַבער זאָלן זײַן צופֿרידן? זיי באַוויינען אונדז, מאַנצבילן, וואָס מיר דאַרפֿן אַזוי האַרעווען אין אַמעריקע, בכדי צו מאַכן אַ לעבן. אַ קלייניקייט - אַרבעטן אין שאַפּ! אַז האַלב נאָך זיבן אינדערפֿרי מוז מען שוין זײַן אויף דער אַרבעט. אַ שעה נעמט צו דאָס פֿאָרן אַהין. עפּעס איבערכאַפּן דאַרף מען. דאַווענען דאַרף מען דאָך אַוודאי. הײַנט רעכנט אויס, ווען מיר דאַרפֿן אויפֿשטיין? און פֿאַרשפּעטיקן טאָר מען ניט קיין מינוט אַפֿילו. וואָרעם טאָמער פֿאַרשפּעטיקט איר, רעכנט מען אײַך אַראָפּ פֿאַר יעדע פֿינף מינוט אַ האַלבן טאָג אַרבעט. ווי אַזוי ווייס מען דאָס, צי איר האָט פֿאַרשפּעטיקט, אָדער ניין? דערויף איז דאָס אַמעריקע. אין אַמעריקע האָט יעדער שאַפּ אַזאַ מין זייגער. אַז איר קומט אין שאַפּ, גייט איר צו צום אַלעם ערשטן און טוט אַ קוועטש דעם זייגער. ווערט דאָס אָנגערופֿן אויף זייער לשון: "פֿאָנטשען די קלאַק * ". "קלאַק" איז אַ זייגער און נעמט זיך, זאָגט מײַן ברודער אליהו, פֿון גלאָק. אַ גלאָק קלינגט און אַ זייגער, זאָגט ער, קלינגט אויך. אָבער נאָר אַ וואַנט-זייגער. אַ סימן האָט איר: אַ קעשענע-זייגערל קלינגט ניט, הייסט עס "וואַטש * ". פֿרעג איך בײַ אליהון: "פֿאַרוואָס עפּעס וואַטש?" זאָגט ער: "ווי דען זאָל עס הייסן?" זאָג איך: "וואַטשל". פֿרעגט מיך אליהו: "פֿאַרוואָס עפּעס "וואַטשל"?" זאָג איך: "אַז אַ זייגער איז אַ זייגערל, דאַרף זײַן וואַטש אַ וואַטשל. עלעהיי, זאָג איך, אַ "באָי" איז אַ יונג, איז אַ ייִנגל "באָיטשיק", און אַ קליין ייִנגעלע - אַ "באָיטשיקל"... ווערט אליהו אין כּעס און זאָגט מיר, אַז איך האָב זיך אויסגעלערנט פֿון אונדזער חבֿר פּיניע זאָגן אַלצדינג פֿאַרקערט. אַ גליק, וואָס פּיניע איז ניטאָ דערבײַ. פּיניע זאָל זײַן, וואָלטן זיי זיך שוין צעקאַמפּערט איבערן וואָרט "וואַטש", אַזוי ווי זיי האָבן זיך געקאַמפּערט און שיִער ניט צעשלאָגן זיך איבערן וואָרט "ברעקפֿיש * " - אָנבײַסן. דערפֿאַר, זאָגט אליהו, איז אַן אָנבײַסן ברעקפֿיש, ווײַל צום אָנבײַסן עסט מען פֿיש, אָדער הערינג. זאָגט פּיניע: "ווי באַלד אַז הערינג, פֿאַרוואָס זשע זאָגט מען ניט: "ברעקהערינג"?" זאָגט אים אליהו: "בהמה וואָס דו ביסט! און וואָס איז אַ הערינג - ניט קיין פֿיש?" פֿילט זיך פּיניע, אַז ער איז געשלאָגן, זאָגט ער: ווייסטו וואָס? לאָמיר פֿרעגן בײַ אַן אַמעריקאַנער ייִדן!" און מע פֿוילט זיך ניט און מע שטעלט אָפּ אַ געגאָלטן ייִדן אין מיטן גאַס (שבת איז דאָס געווען) און מע טוט אים אַ פֿרעג אויף אַ טשיקאַווועסט: "פֿעטער! איר זײַט שוין לאַנג אין אַמעריקע?" זאָגט ער: "דרײַסיק יאָר. וואָס איז דען?"... זאָגן זיי: "מיר ווילן אײַך עפּעס פֿרעגן. גיט אונדז צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס זאָגט מען בײַ אײַך אויף אַן אָנבײַסן ברעקפֿיש?" קוקט זיי אָן דער ייִד און זאָגט צו זיי: "ווער האָט דאָס אײַך געזאָגט, אַז אויף אַן אָנבײַסן זאָגט מען בײַ אונדז ברעקפֿיש?" "ווי אַזוי-זשע דען זאָגט מען?"

ברעקפֿעסט! ברעקפֿעסט! ברעקפֿעסט! - שרײַט זיי אויס דרײַ מאָל דער ייִד גלײַך אין פּנים אַרײַן און איז זיי מכבד מיטן נאָמען "גרינע חיות"...

- ח -
איך האָב מורא, אַז מיר וועלן זיך מיטן שאַפּ ניט עלטערן. מײַן ברודער אליהו זאָגט, אַז די אַרבעטער האָבן צרות פֿונעם "פֿאָרמאַן * ". יעדער שאַפּ האָט אַ פֿאָרמאַן - אַן עלטסטן, אַן אויפֿזעער. און ניט נאָר איין פֿאָרמאַן, יעדער שטאָק האָט זיך זײַן פֿאָרמאַן. אויף דעם שטאָק, וווּ אליהו אַרבעט, איז דער פֿאָרמאַן אַ המן, אַ רשע-מרושע. ער איז אַליין אַמאָל געווען אַן אָפּרייטער. נאָר ער האָט זיך אַרויפֿגעאַרבעט און איז געוואָרן אַ פֿאָרמאַן. די אַרבעטער זאָגן, אַז ער איז ערגער פֿונעם "באָס". באָס איז אַ לשון-קודש-וואָרט און שטאַמט פֿונעם וואָרט "בעל-הבית". אַזוי זאָגט אליהו, און פּיניע מוז אָפּשווײַגן. וואָרעם אויף לשון-קודש איז אליהו בעל-מצרא. פֿאָרט אַ חזנס אַ זון... נאָר מיר קערן זיך אום צום פֿאָרמאַן. מע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אין שאַפּ, אַז דער פֿאָרמאַן רוקט דעם זייגער. אַזוי, אַז ווען איר זאָלט ניט קומען, וועט איר פֿאַרשפּעטיקן - וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ ממזר?... און אונדזער חבֿר פּיניע דערציילט פֿון זײַן שאַפּ נאָך שענערע מעשׂיות. זייער פֿאָרמאַן, זאָגט ער, לאָזט ניט דעם אַרבעטער אַ קוק טאָן אין אַ פּייפּער אַרײַן. לייענען אַ צײַטונג בײַ דער אַרבעט - חיות ניט זיכער! רייכערן שמועסט מען ניט. אַ וואָרט טאָר מען ניט אויסריידן צווישן זיך. ס'איז אַזוי שטיל, זאָגט ער, אַז מע קאָן הערן אַ פֿליג! אויסער דעם טראַסק מיטן גראַגערן פֿון די מאַשינען. נאָך אַ מעלה האָט זײַן שאַפּ. דאָרט ווערן די פּרעסלעך אָנגעוואַרעמט מיט גאַז. דאָ זאָגט מען ניט גאַז, נאָר "געז * ". דאָס הייסט, שטינקען שטינקט עס אַזוי ווי בײַ אונדז גאַז. נאָר מע טאָר ניט זאָגן גאַז. מע דאַרף זאָגן געז. אַקוראַט פֿאַרקערט. סע זאָל בײַ אונדז אין דער היים הייסן געז, וואָלט מען דאָ מסתּמא געזאָגט גאַז.

- ט -
הקיצור, די געז פֿון די פּרעסלעך פֿאַרהאַקט אַזוי דעם קאָפּ, אַז די אַרבעטער אין שאַפּ פֿאַלן חלשות און מוזן סטאָפּן די אַרבעט. רעכנט מען זיי אָפּ פֿון דער "פּיידע". דאָס הייסט, אַז עס קומט צום אָפּנעמען פֿאַר דער וואָך, וואָס מע האָט פֿאַרדינט, ווערט אַ לאָך. דאָ האָט איר פֿאַרשפּעטיקט פֿינף מינוט - אַראָפּ אַ האַלבער טאָג. דאָ זײַט איר צו פֿרי אַוועקגעגאַנגען - אַראָפּ אַ האַלבן טאָג. דאָ זײַט איר געפֿאַלן חלשות - פֿאַרפֿאַלן אַ טאָג.

ניין. מע קאָן שוין מער ניט אַריבערטראָגן. מע וועט מוזן אַרויס אין שטרײַק.

X

מיר שטרייַקן!
- א -
מיר דאַכט, אַז ס'איז גאָר ניטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט, ווי אַז מע שטרייַקט. דאָס האָט אַזאַ פּנים, ווי אַז איר לערנט בייַ רבין, וואָס שלאָגט זיך צו שטאַרק, נעמט מען אָפּ בייַ אים די קינדער און מע זוכט אַן אַנדער מלמד. דערווייַל הערט איר אויף צו גיין אין חדר. מייַן ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פּיניע האָבן אויפֿגעהערט צו גיין אין שאַפּ. אונדזער שטוב האָט שוין גאָר אַן אַנדער פּנים, זייַט זיי זייַנען אין דער היים. אַזוי האָבן מיר זיי אָנגעקוקט איין מאָל אין וואָך - זונטיק. וואָרעם, ווי איך האָב אייַך שוין דערציילט, אַז מע אַרבעט אין שאַפּ, מוז מען אויפֿשטיין כּאור, בכדי מע זאָל חלילה ניט פֿאַרשפּעטיקן. און אַז זיי זייַנען געקומען אַהיים, פֿלעג איך שוין שלאָפֿן. פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געאַרבעט "אָווערטייַם * ". דאָס הייסט, אַז אַלע אַנדערע אַרבעטער זייַנען געגאַנגען אַהיים, זייַנען אונדזערע לייַט נאָך געזעסן אין שאַפּ בייַ דער אַרבעט. ניט דערפֿאַר, וואָס מע האָט זיי געגנייט פֿון קהל. זיי האָבן געאַרבעט אָווערטייַם, בכדי זיי זאָלן מער פֿאַרדינען. אַי, אַז ס'איז געקומען צום צאָלן, האָט מען בייַ זיי אָפּגעריסן טעג - וואָס זייַנען זיי שולדיק? "עלעהיי, גזלנים זייַנען אונדז באַפֿאַלן"... אַזוי האָט געזאָגט מייַן ברודער אליהו.

- עלעהיי, דו ביסט אַ לעקיש! - זאָגט צו אים מייַן שוועגערין ברכה. ווען זי, זאָגט זי, זאָל אַרבעטן אין אַ שאַפּ, וואָלט זי זיך ניט געלאָזט שפּייַען אין דער קאַשע. זי זאָגט, אַז אַלע פֿאַרלייַט מיט אַלע באָסעס וואָלטן בייַ איר געקייַט די ערד. און איר מעגט איר גלייבן. ברכה קאָן!

- ב -
דערפֿאַר האָט זי זיך געקילט דאָס האַרץ, אַז אַלע שעפּער האָבן דערקלערט אַ שטרייַק. דאָס הייסט, אַלע שנייַדערס, וויפֿל ס'איז פֿאַראַן אין ניו-יאָרק, האָבן אָוועקגעלייגט שער און אייַזן און - גוד באַי * . וויי-וויי, וואָס סע האָט זיך אָפּגעטאָן! אין דער היים, און אויף דער סטריט, און אין די האָלס * ! אַ "האָל" - איז אַ זאַל, אָדער אַ טעאַטער. מע קלייַבט זיך צונויף אַהינצוצו אַלע שנייַדערס פֿון גאַנץ ניו-יאָרק אויף אַ מיטינג, און מע רעדט און מע רעדט און מע רעדט. איר הערט זיך דאָרט אָן אַזעלכע ווערטער, וואָס איר האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט: "דזשענעראַל * סטרייַק".... "יוניאָן"... "אָרגאַניזירט"... "אַכט און פֿערציק שטונדן"... "העכערע ווייִדזשעס * "... "בעסערע באַהאַנדלונג"... "סקעבס * "... "שטרייַקברעכערס"... "פּיקעטס * "... און נאָך כּדומה אַזעלכע ווערטער, וואָס איר פֿאַרשטייט זיי ניט. מייַן חבֿר מענדל זאָגט, אַז ער פֿאַרשטייט זיי יאָ. נאָר געבן מיר צו פֿאַרשטיין קאָן ער ניט. "וועסט עלטער ווערן, זאָגט ער מיר, וועסטו אַליין פֿאַרשטיין". עס קאָן זייַן. דערווייַל קוק איך זיך צו, ווי דער עולם היצט זיך, און עס בייַסן זיך מיר די הענט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַלע אַראָפּכאַפּן אויף פּאַפּיר. אויסמאָלן איטלעכן באַזונדער, ווי ער זעט אויס, וואָס ער טוט, ווי אַזוי ער שטייט און ווי אַזוי ער רעדט.

- ג -
למשל, נעמט מייַן ברודער אליהו. ער אַליין רעדט ניט קיין וואָרט. ער גייט נאָר צו צו איטלעכס רעדל און שטעקט אַרייַן די נאָז. אָדער ער לייגט צו אַן אויער. בעת-מעשׂה בייַסט ער די נעגל און איז שטאַרק אויפֿגערעגט. אַ פֿאַרגעניגן צו זען מייַן ברודער, ווי ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ יעדן איינציקן, וואָס ער רעדט. ער איז מיט אַלעמען מרוצה, וואָס יענער זאָל ניט זאָגן. אָט איז צוגעקומען צו אים אַ שנייַדער מיט אַ גולקע אויף איין זייַט קאָפּ - פֿון דער לינקער זייט. דער שנייַדער האָט אים אָנגענומען בייַ אַ לאַץ און טרייסלט אים און רעדט אין אים אַרייַן, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפֿן דער גאַנצער טאַרעראַם. די שנייַדערס וועלן מיט זייער שטרייַק גאָרנישט אויספֿירן. מחמת די "אַסאָסיאייַשאָן * " פֿון די "מאַנופֿעקטשורערס * " איז צו שטאַרק פֿאַר אונדז! שאָקלט אים מייַן ברודער צו מיטן קאָפּ. און איך האָב זייער מורא, אַז מייַן ברודער אליהו ווייס אַזוי, וואָס באַטייַט "אַסאָסיאייַשאָן" און "מאַנופֿעקטשורערס", ווי איך... וואָרעם אָט איז צוגעגאַנגען צו אליהון אַן אַנדער שנייַדער מיט אַ פּנים פֿון אַ קאַטשקע. אַז ער רעדט, פּאַטשט ער מיט די ליפּן. דער שנייַדער האָט אָנגענומען מייַן ברודער פֿאַר אַ קנעפּל און האָט לאַנג איבער אים גערעדט, געפּאַטשט מיט די ליפּן. ער האָט אַלע מינוט אויסגערופֿן: "נייִן! מיר מוזן קעמפֿן, אויסקעמפֿן ביזן סוף!"... האָט אים מייַן ברודער אויך אויסגעהערט און אויך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אַן עבֿירה, וואָס מייַן שוועגערין איז דאָ ניטאָ. זי וואָלט אים שוין עפּעס אַרייַנגעזאָגט...

- ד -
גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען אונדזער חבֿר פּיניע. ווער עס האָט אים ניט געזען און ווער עס האָט אים ניט געהערט ריידן אויף אַ מיטינג, - דער האָט גאָר קיין שיינס ניט געזען אויף זייַן לעבן. אונדזער פּיניעס פֿיגור דאַרף אייַך זייַן באַקאַנט נאָך פֿון מייַנע פֿריִערדיקע מעשׂיות. זייַנע קורצזיכטיקע אויגן מיט זייַן לאַנגער שפּיצעכיקער נאָז, וואָס קוקט אַראָפּ אין מויל אַרייַן, געדענקט איר מסתּמא. זייַנע לאַנגע שמאָלע הויזן, איין הויז אַראָפּ, איין הויז אַרויף, און זייַן שניפּס אויף דער צעשפּיליעטער מאַנישקע - האָט איר אַוודאי אויך ניט פֿאַרגעסן. הייַנט זייַן ריידן, זייַן פֿינען מיט דער נשמה און זייַן שיטן פֿונעם אַרבל מיט הויכע שיינע ווערטער און מיט קלינגענדיקע נעמען פֿון גרויסע לייַט? אַצינד שטעלט אייַך פֿאָר, אַז פּיניע צעהיצט זיך און רעדט פֿאַר אַן עולם פֿון טויזנטער מענטשן, וואָס ווילן אים דווקא ניט הערן. אָנגעהויבן האָט ער אַזש פֿון קאָלומבוסן, ווי אַזוי ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע, און איז באַלד אַרויף אויף די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו ריידן און צו ריידן. האָט מען אים ניט געלאָזט.

- ווער איז דער ספּיקער * ? - פֿרעגט איין שנײַדער בײַם אַנדערן.

- אַ גרינהאָרן! - ענטפֿערט אים יענער.

- וואָס וויל ער?

- וואָס באַרעדט ער?

- וואָס האַקט ער אַ טשײַניק?

- שאַראַפּ * ! - שרײַט אויס איינער, און אַ סך אַנדערע כאַפּן אים אונטער:

- שאַראַפּ!...

- ה -

"שאַראַפּ" איז אַפֿילו אַ מיאוס וואָרט. די טײַטש פֿונעם וואָרט איז "אַראָפּ פֿונעם מאַרק!" נאָר אונדזער חבֿר פּיניע שרעקט זיך ניט פֿאַר קיין ווערטער. פּיניע, אַז ער צערעדט זיך, איז ווי אַ פֿאַס וואַסער, וואָס מע האָט אָפּגעשטעקט און פֿאַרוואָרפֿן דעם צאַפּן. איר קאָנט צוהאַלטן מיט דער האַנט, פֿאַרשטאָפּן מיט אַ שמאַטע - עס וועט אײַך קיין זאַך ניט העלפֿן. ביז דאָס וואַסער וועט ניט אַרויסגיין ביזן לעצטן טראָפּן, איז אַן עבֿירה אײַער טירחה. פּיניע מוז אָפּריידן זײַנס. סײַדן מע זאָל אים אַראָפּשלעפּן פֿון דער בינע. דאָ הייסט עס ניט בינע, דאָ הייסט עס "סטיידזש * ". איצטיקס מאָל האָט מען אים טאַקע געמוזט אַזוי טאָן. צוויי שנײַדער-יונגען, פּרעסערס, האָבן אים גענומען פֿאַרביידע הענט און מע האָט אים מיט כּבֿוד אַראָפּגעפֿירט פֿונעם סטיידזש. דאָס האָט אים אָבער גאָרניט געשטערט אויסצופֿירן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט אויספֿירן. ער האָט דאָס איבעריקע דעררעדט, שוין גייענדיק מיט אונדז אַהיים. און אַז מיר זײַנען געקומען אַהיים, האָט ער נאָך לאַנג גערעדט פֿאַר מײַן מאַמען און פֿאַר מײַן שוועגערין ברכה און פֿאַר זיין ווײַב טײַבל. איך און מײַן חבֿר מענדל זײַנען אויך געווען צווישן די צוהערער. און מיר דאַכט, אַז ווערדליך פּיניע האָט געטענהט, איז ער גערעכט. נאָר גייט רעדט מיט ווײַבער. אַז פּיניע האָט זיך גוט אָנגערעדט, רופֿט זיך אָן מײַן שוועגערין ברכה מיט אַ משל, ווי איר שטייגער איז:

- וואָס איז דעם אינדיק פֿאַר אַ חילוק, צי מע קוילעט אים פּורים צו דער סעודה, צי פּסח צום סדר?...

טאָמער ווייסט איר, וואָס מיינט דערמיט ברכה?...

- ו -

דערווײַל גייט אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג. דער שטרײַק איז אַ שטרײַק. די אַרבעטער זײַנען שטאָל און אײַזן. מיטינגען מאַכט מען אַלע טאָג. און אַלע מאָל אויף אַ נײַעם פּלאַץ. די מאַנופֿעקטשורערס, הער איך זאָגן, האַלטן זיך אויך שטאַרק. זיי ווילן ניט נאָכגעבן. זיי וועלן אָבער מוזן נאָכגעבן. אַזוי זאָגן אַלע. ניטאָ אַ זאַך, וואָס די אַרבעטער זאָלן ניט אויספֿירן. ס'איז אַמעריקע! עס האַלט שוין בײַם לעצטן מיטל. אַז דאָס וועט ניט העלפֿן, איז עק וועלט! אַזוי זאָגן אונדזערע לײַט. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מיטל? מיר וועלן זיך צונויפֿזאַמלען אַלע שטרײַקער פֿון גאַנץ ניו-יאָרק און מיר וועלן דורכגיין איבער די סטריטן מיט אַ מאַרש. דאָס הייסט, טויזנטער און טויזנטער שנײַדערס וועלן זיך דורכשפּאַצירן מיט די פֿאָנען איבער דער שטאָט. מיר און מײַן חבֿר מענדל איז דאָס דווקא געפֿעלן. מיר וועלן זײַן די ערשטע. רעדט זשע אָבער מיט אַזאַ ייִדענע, ווי מײַן שוועגערין ברכה, זאָגט זי, אַז בײַ איר זעט דאָס אויס, ווי קינדער שפּילן זיך אין סאָלדאַטלעך... זי זאָגט: "אַן עבֿירה אײַערע שיך"... האָט איר באַדאַרפֿט אָנקוקן אונדזער פּיניען און הערן, וואָס ער האָט איר געזאָגט דערויף!

- ז -

מיר האָבן שוין געהאַלטן מיטן שטרײַק גאַנץ ווײַט. איך און מײַן חבֿר מענדל האָבן זיך שוין צוגעגרייט, ווי מע גרייט זיך צו צו דעם פֿערטן דזשולאַי * . דעמאָלט איז יום-טובֿ אין אַמעריקע. מע שיסט אויף דער סטריט מיט די פֿײַער-קרעקערס * און עס טרעפֿט זיך, זאָגט מען, אַז מע דערהרגעט אַ מענטשן. אַ קלייניקייט - דער פֿערטער דזשולאַי? דאָס איז דאָך דער טאָג, וואָס די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך באַפֿרײַט פֿון די שׂונאים...

איך און מענדל זײַנען שוין געווען יום-טובֿדיק. איז אונדז פֿאַרשטערט געוואָרן די שׂמחה. אויף קאַנעל * סטריט האָט מען געהרגעט אַ מענטשן. די ידיעה האָט אונדז געבראַכט פּיניע. ער איז געווען אויפֿן אָרט און האָט געזען דעם געהרגעטן. ער זאָגט, אַז דער מענטש האָט פֿאַרדינט דעם טויט. ער איז געווען, זאָגט ער, אַ גענגסטער. פֿרעגט אים די מאַמע: "וואָס הייסט אַ גענגסטער? אַ גנבֿ?" זאָגט פּיניע: "ערגער פֿון אַ גנבֿ!" פֿרעגט אים די מאַמע: "אַ גזלן?" זאָגט פּיניע: "ערגער פֿון אַ גזלן!" פֿרעגט די מאַמע: "וואָס קאָן זײַן ערגער פֿון אַ גזלן?" זאָגט פּיניע: "אַ גענגסטער איז ערגער פֿון אַ גזלן. וואָרעם אַ גזלן איז אַ גזלן, און אַ גענגסטער איז אַ געדונגענער גזלן.

דעם מענטשן האָט מען געדונגען, ער זאָל שלאָגן די שטרײַקערס. איז ער באַפֿאַלן אַ מיידל אַ שטרײַקערין און האָט זיך פֿאַרמאָסטן זי צו שלאָגן. האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן מענטשן און ס'איז אַרויס אַ געשלעג... מער האָט מען פֿון פּיניען ניט געקאָנט אַרויסבאַקומען גאָרניט. ער האָט אַרומגעשפּאַנט מיט זײַנע לאַנגע פֿיס הין און צוריק. ער האָט געפּינעט מיט דער נשמה. ער האָט געשפּריצט מיט פֿײַער. ער האָט זיך געריסן בײַ די האָר און געשאָטן מיט ווערטער און מיט נעמען:

- אַי-אַי, קאָלומבוס! אַי-אַי, וואַשינגטאָן! אַי-אַי, לינקאָלן -

דער סוף איז געווען - פּיניע האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז אַנטלאָפֿן!

- ח -
ביז עפּעס וואָס, דערווײַל האָט דאָס אונדז געטראָפֿן. מיך און מײַן חבֿר מענדל. די מאַמע האָט זיך געשוואָרן בײַ איר געזונט און בײַ איר לעבן, אַז זי וועט אונדז ניט אַרויסלאָזן אויף דער סטריט פֿאַר קיין געלט אין דער וועלט! ניט מיך, ניט מענדלען, ניט אליהון, ניט ברכהן און ניט טײַבלען. וואָרעם ווײַבאַלד אַז עס האַלט שוין, זאָגט זי, אַזוי ווײַט, אַז מע הרגעט מענטשן אין סטריט - איז שוין עק וועלט! זי האָט אָנגעוואָרפֿן אויף אונדז אַלעמען אַזאַ פּחד, אַז טײַבל האָט זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. גאָט ווייס, ווו איר פּיניע איז אַצינד!... האָט די מאַמע שוין פֿאַרגעסן אָן אונדז און האָט גענומען אויסריידן דאָס האַרץ נעבעך טײַבלען: אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גאָט, און אַז עס וועט איר פּיניען גאָרניט געשען, און אַז ער וועט מיט גאָטס הילף קומען בשלום אַהיים, און אַז ער וועט זײַן אַ מאַן צו זײַן ווײַב און אַ טאַטע צו זײַנע קינדערלעך, וואָס וועלן, אם ירצה שם, אַמאָל זײַן. וואָרעם דערווײַל האָט טײַבל קיין קינד און קיין רינד. זי דאָקטערט זיך און האָפֿט, אַז זי וועט נאָך אַמאָל האָבן קינדער נאָך.

- און אַ סך קינדער! - זאָגט די מאַמע.

אָמן הלוואַי! - זאָג איך און כאַפּ אַ פּאַטש פֿון מײַן ברודער אליהו, איך זאָל ניט זײַן קיין שייגעץ און זאָל ניט שטופּן די צונג אַהין, ווו מען דאַרף ניט...

- ט -
געלויבט איז גאָט - געקומען פּיניע. און געקומען איז ער מיט אַ שׂימחה, אַ גדולה: דער מענטש דער גענגסטער, וואָס מע האָט אים געהרגעט, לעבט און וועט לעבן. נאָר אַ קאַליקע וועט ער שוין בלײַבן אויף אייביק. מע האָט אים ניט דערהרגעט אויף טויט. מע האָט אים נאָר אַזוי גוט אָנגעהרגעט. מע האָט אים אויסגעזעצט אָן אויג און איבערגעבראָכן אַ האַנט. "אַ מיצווה - לאָז ער ניט זײַן קיין גענגסטער!" האָט אָבער די מאַמע אויף אים רחמנות: לאָז ער זיך זײַן, זאָגט זי, וואָס ער איז. פֿאַראַן אַ גאָט אין הימל, לאָז ער זיך, זאָגט זי, מיט אים רעכענען. פֿאַרוואָס, זאָגט זי, קומט אים, מע זאָל אים איבערברעכן אַ האַנט און אויסזעצן אָן אויג? וואָס זײַנען שולדיק זײַן ווײַב און קינדער נעבעך, זיי זאָלן האָבן אַ טאַטן אַ קאַליקע?"...

- י -
דער שטרײַק האָט זיך פֿאַרצויגן און מיר גייען אַרום אָן אַ שטאָך אַרבעט. מײַן ברודער אליהו איז אויס מענטש. די מאַמע רעדט אים אויס דאָס האַרץ. זי זאָגט, אַז דער גאָט, וואָס האָט אונדז געבראַכט קיין אַמעריקע, וועט אונדז מסתּמא ניט פֿאַרלאָזן. אונדזער מחותּן יונה דער בעקער און אונדזערע גוטע פֿרײַנט פּעסיע די גראָבע און איר מאַן משה דער אײַנבינדער און די איבעריקע פֿרײַנט און גוטע פֿרײַנט קומען אַלע טאָג און טרייסטן אונדז מיט גוטע ווערטער. זיי זאָגן, אַז דער הימל איז צו דער ערד ניט געפֿאַלן. ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז מע מוז לעבן אין אַמעריקע נאָר פֿון שנײַדערײַ? מע קאָן מאַכן אַ לעבן אָן שנײַדערײַ אויך. והראיה? אָט וועל איך אײַך דערציילן, ווי אַזוי מיר מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע.

XI
כּתרילעווקע אין ניו-יאָרק
- א -
איידער איך גיי אײַך דערציילן, ווי אַזוי מיר מאַכן אַ לעבן אין דעם נײַעם לאַנד, מוז איך אײַך פֿריִער אויסרעכענען בײַ די נעמען, ווער איז דאָ אין אַמעריקע פֿון אונדזערע פֿרײַנט און באַקאַנטע, ווײַל נאָר זיי צו דאַנקען האָבן מיר זיך ביסלעכווײַז אַרויפֿגעאַרבעט און אָנגעהויבן צו מאַכן אַ לעבן. לאָזט זיך אויס, אַז מיר האָבן דאָ פֿרײַנט און באַקאַנטע - קיין עין-הרע, קיין בייז אויג! גאַנץ כּתרילעווקע האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אַהער, קיין אַמעריקע. נאָך אונדזער אַוועקפֿאָרן פֿון דער היים איז געוואָרן, זאָגן זיי, דאָרטן אַ בהלה, אַ מהומה, אַ לויפֿעניש. עס האָט אויסגעבראָכן, זאָגן זיי, אַ מוראדיקער פּאָגראָם, אַ שחיטה און אַ שׂרפֿה - גאַנץ שטאָט איז אָוועק מיטן פֿײַער! ווער האָט אונדז געבראַכט די נײַס - די מאַמע. ווו ערגעץ אַ צרה, ווערט פֿריִער פֿון אַלע געוווירע די מאַמע. פֿון וואַנען? פֿון בית-המדרש. פֿון דער כּתרילעווקער שול. ס'איז פֿאַראַן אַזאַ שול אין ניו-יאָרק.

- ב -

די ערשטע וואָך, אַז מיר זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן, האָט די מאַמע קודם-כּל זיך צעפֿרעגט אויף אַ שול, וווּהין צו גיין שבת דאַווענען. זײַנען אין ניו-יאָרק, ברוך-השם, פֿאַראַן שולן כּמעט אויף יעדער סטריט. האָט אונדזער שכנה פּעסיע אָפּגעפֿירט דעם ערשטן שבת אין שול אַרײַן. די שול איז טאַקע אונדזער שול. דאָס הייסט, די ייִדן, וואָס דאַווענען דאָרטן, זײַנען אַלע פֿון אונדזער שטעטל. זי הייסט מיטן נאָמען "כּל ישׂראל אַנשי כּתרילעווקע", אָדער "די כּתרילעווקער שול". האָבן מיר זיך דאָרט דערזען מיט אַ סך באַקאַנטע פֿון אונדזער שטאָט. טרעפֿט, וועמען האָבן מיר געזען? אַז איר וועט זײַן מיט אַכצן קעפּ, וועט איר אויך ניט טרעפֿן. ערשטנס - דעם חזן, אונדזער הערש-בער דעם חזן מיט דער גרויסער באָרד. אָט דער, וואָס איך בין בײַ אים געווען אַמאָל אַ זינגערל, אויב איר געדענקט, און האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט זײַן דאָבציען. אַ קינד אַ קאַליקע. דאָס קינד איז געשטאָרבן נאָך דאָרטן, אין דער היים, בשעת פּאָגראָם. און הערש-בער דער חזן מיט דער חזנטע מיט די עלטערע קינדער זײַנען אַלע דאָ אין אַמעריקע און מאַכן אַ לעבן. הערש-בער איז דאָ אַ חזן און אַ מוהל און אַ מלמד אויך. דאָ הייסט דאָס ניט מלמד. דאָ הייסט דאָס "טיטשער * ". פֿאַרוואָס טיטשער? ווײַל ער טיטשט * די קינדער. דאָס הייסט, ער קנײַפּט זיי שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען. מחמת שלאָגן אַ קינד טאָר מען דאָ ניט, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט. הערש-בער האָט, זאָגט מען, דאָ גאַנץ פֿײַן פּרנסה. נאָר ער האָט זיך שטאַרק איבערגעאַנדערשט. דאָס הייסט, איז'ן איז ער דער אייגענער, וואָס געווען, נאָר ער גייט אַנדערש אָנגעטאָן. אין דער היים, ווען ער טוט אָן אַזאַ קאַפּעליוש ווי דאָ, וואָלט מען אים נאָכגעלאָפֿן. די קאַפּאָטע איז בײַ אים אויך פֿאַרקירצט. און די פּאות אונטערגעהאַקט. נאָר די באָרד טשעפּעט ער ניט. טשעפּען אים אָבער אַנדערע די באָרד. דאָ, אין אַמעריקע, האָט מען פֿײַנט אַ באָרד. ערגער ווי אַן ערלעכער ייִד האָט פֿײַנט חזיר. אַנומלטן האָבן אים דערטאַפּט אין מיטן סטריט שקצימלעך - "לויפֿערס" הייסן זיי דאָ - און האָבן אים נאָר געוואָלט אָפּשערן די באָרד. אַ גליק, וואָס ייִדן זײַנען אָנגעקומען און האָבן אים אַרויסגעראַטעוועט פֿון די "לויפֿערס" הענט. פֿון דעמאָלט אָן, אַז ער גייט אין סטריט, באַהאַלט ער די באָרד אינעם אויבעררראָק.

- ג -

בערע דער שוסטער איז אויך דאָ. דאָס איז דער בערע, וואָס מײַן ברודער אליהו האָט זיך געהאַט אונטערגענומען אַמאָל אַרויסצוטרײַבן בײַ אים די מײַז. אויב איר געדענקט, האָט בערע דער שוסטער ליב צו דערציילן גוזמאָות. אויסטראַכטן זאַכן, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפֿלויגן. דאָס הייסט, ער איז אַ ייִד אַ ליגנער. דאָ ווערט עס אָנגערופֿן אַ "בלאָפֿער". ער איז דאָ אויך דער זעלבער שוסטער, וואָס אין דער היים. ער דערציילט פֿון זײַן שוסטערײַ אַזעלכע גליקן, אַז ווען ס'זאָל זײַן כאָטש אַ דריטל אמת, וואָלט אויך געווען גוט. ער זאָגט, אַז ער איז דאָ דער גרעסטער שוסטער אין אַמעריקע. מיט זײַנע שטיוול, זאָגט ער, טראָגט מען זיך אַרום איבערן גאַנצן לאַנד. ער שווערט מיט אַזעלכע שבֿועות, וואָס מע מעג גלייבן אַ משומד, אַז דער פּרעזידענט אַליין האָט זיך באַשטעלט בײַ אים אַ פּאָר שטיוול. זאָגט מײַן ברודער אליהו, אַז די מעשׂה מיטן פּרעזידענטס שטיוול איז פּונקט אַזוי אמת, ווי די מעשׂה, וואָס בערע דער שוסטער האָט אונדז אַמאָל געהאַט דערציילט, ווי אַזוי די מײַז האָבן בײַ אים אויפֿגעגעסן אַ קאָץ... דאָ, אַז עמעצער דערציילט אַזעלכע מעשׂיות, זאָגט מען אויף אים, אַז ער "האַקט אַ טשײַניק", אָדער אַז ער "בלאָפֿט". מיר געפֿעלט בעסער די ווערטער "ער האַקט אַ טשײַניק". עס איז מיר אַזוי שטאַרק געפֿעלן, אַז איך האָב עס אַרויפֿגעכאַפּט אויף פּאַפּיר. דאָס הייסט, איך האָב אויסגעמאָלט בערע דעם שוסטער, ווי ער האַלט אַ האַמער. אויפֿן טיש שטייט אַ גרויסער טשײַניק, און ער האַקט אים... אַלע די, וואָס האָבן געזען דאָס בילד, האָבן זיך געקאַטשעט פֿאַר געלעכטער. אַפֿילו מײַן ברודער אליהו האָט אויך געשענקט אַ האַלבן שמייכל. ער שלאָגט מיך מער ניט דערפֿאַר, וואָס איך מאַך מענטשעלעך. ער בורטשעט נאָר און זאָגט: "אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן, איז דאָס אויך אַן עסק"...

- ד -

וואָס דאַרפֿט איר מער? רב יאָסיע דער נגיד, וואָס אַלע האָבן זיך געווינטשן בײַ אונדז, חוץ זײַן שאָדן, כאָטש אַ דריט-חלק, - איז ער אויך דאָ, אין אַמעריקע. ער איז שוין אָבער אויס נגיד. וואָס איז די מעשׂה? אים האָט אָוועקגעהרגעט דער פּאָגראָם. דאָס הייסט, פֿונעם פּאָגראָם גופֿא האָט ער אַליין ניט אַזוי שטאַרק געליטן. דאָס הייסט, געראַבירט האָט מען אים, דאָס מעבל צעבראָכן, דאָס בעטגעוואַנט צעריסן, די סחורה פֿון קלייט צענומען, נאָר געשלאָגן האָט מען זיי ניט, מחמת זיי זײַנען געלעגן אַלע אין אַ קעלער דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, שיִער ניט אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. דאָס אַלצדינג וואָלט געווען אַ האַלבע צרה. דאָס אומגליק איז געווען דאָס, וואָס אַלע זײַנע בעלי-חובֿות האָבן אים אָנגעזעצט, האָט ער אויך געמוזט אָנזעצן. ווער וואָלט זיך געריכט, אַ שטייגער, אַז אַזאַ איש בטוח, ווי רב יאָסיע, זאָל דאַרפֿן אָנזעצן און אַנטלויפֿן פֿון כּתרילעווקע? אין מיטן בײַנאַכט איז ער אַנטלאָפֿן. וווּהין - קיין אַמעריקע. זײַן זונדל הענעך מיטן אייגל, געדענקט איר, ווי אַזוי ער האָט געלאַכט פֿון מיר, וואָס איך פֿאָר קיין אַמעריקע? איצט שלעפּט ער זיך אַרום דאָ איבער די סטריטן. אַז ער דערזעט מיך, אַנטלויפֿט ער. עס שטייט אים נאָך היינט אויך ניט אָן צו ריידן מיט מיר. המנס גדלות! מײַן חבֿר מענדל זאָגט, אַז ער מוז אים מאַכן בלויז דאָס אַנדערע אייגל. מענדל האָט פֿײַנט, אַז מע נעמט זיך איבער, אָדער אַז מע בלאָזט זיך פֿון.

- ה -

שענער פֿון אַלץ איז, וואָס מנשה דער רופֿא און מנשהכע די רופֿאטע זײַנען אויך דאָ. איר געדענקט דאָך מן הסתּם זייער גאָרטן מיט זייערע פֿערשקעס, מיט זייערע ווײַנשל, מיט זייערע עפּל און מיט זייערע באַרן? איז דאָס

אַלצדינג אַוועק מיטן רויך און מיטן פֿײַער. מע האָט זיי פֿאַרברענט זייער שטוב מיט זייער גאָרטן, געמאַכט פֿון אַלצדינג אַש. איר זאָלט זיי אָנקוקן, וואָלט איר זיי ניט דערקענט. ביידע זײַנען זיי געוואָרן גרוי און אַלט. ער שטופּט אַ פּושקאַרט * מיט עפּל און מיט אָראַנדזשעס, און זי פּעדלט מיט ווייסאָצקיס טיי. "אַז אָך און ווײ - זאָגט די מאַמע מײַנע מיט טרערן אויף די אויגן - אויף וואָס זיי זײַנען איבערגעקומען..."

- אַ שיינע ריינע כּפּרה! - זאָגט מײַן ברודער אליהו, און איך האַלט מיט אים. אַ מיצווה אויף מנשהכע די רופֿאטע. זי איז געווען אַ רשעטע. געזשאַלעוועט אַן אָרעמאַן אַ פֿאַרפֿוילטן עפּל, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿונעם בוים. זי מיינט, אַז איך האָב שוין פֿאַרגעסן די מעשׂה, ווי אַזוי מע האָט מיך אַמאָל געפּאַקט בײַ איר אין גאָרטן... איך וועל עס געדענקען ווײַל איך וועל לעבן!

- ו -

אין דער צײַט, וואָס מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער אויסלאַנד, האָט מען דאָרט אין דער היים געפּאָגראָמעוועט אונדזערע כּתרילעווקער ייִדן, געראַבירט די קלייטן און געברענט די הײַזער. אַ סבֿרה, אַז אונדזער האַלבע שטוב, וואָס מיר האָבן פֿאַרקויפֿט צו זיליע דעם שנײַדער, איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן, און זיליע דער שנײַדער איז איצטער הי. ער איז אַ שנײַדער ווי געווען. דער חילוק איז, וואָס דאָרט, אין דער היים, איז ער געווען אַ באַלעבאָס פֿאַר זיך, און דאָ, אין אַמעריקע, אַרבעט ער בײַ יענעם. אַמאָל איז ער אַן "אונטער-פּרעסער" בײַ הויזן, און אַמאָל איז ער אַן "אָפּרייטער" בײַ דער מאַשין. ער פֿאַרדינט, זאָגט ער, זײַנע זיבן-אַכט טאָלער אַ וואָך. עס וואָלט אים געווען, זאָגט ער, ווינציקלעך אויף צו מאַכן אַ לעבן, ברענגען אים אַרײַן זײַנע קינדער - דרײַ קינדער האָט ער, און אַלע מיידלעך - דרײַ מאָל אַזוי פֿיל. זיי אַרבעטן בײַ "שוירטס * ". העמדער הייסן דאָ "שוירטס". פֿרעג איך בײַ מײַן ברודער אליהו, פֿאַרוואָס הייסן העמדער "שוירטס"? זאָגט מײַן ברודער אליהו, אַז ער ווייס ניט, פֿון וואָסער אַ שורש עס נעמט זיך דאָס וואָרט "שוירטס". זאָגט צו אים אונדזער חבֿר פּיניע, למאַי ער ווייס ניט דעם שורש פֿון נאָך אַ סך אַנדערע ווערטער? זאָגט אליהו, אַז פֿון אַנדערע ווערטער ווייס ער יאָ דעם שורש. פֿרעגט אים פּיניע: "פֿון וואַנען זשע נעמט זיך דאָס וואָרט "בוטשער", און פֿאַרוואָס איז בוטשער אַ קצבֿ?" זאָגט אים אליהו: "דערפֿאַר, וואָס אַ קצבֿ צעבוטשערט דאָס פֿלייש אויף שטיקלעך"... פֿרעגט אים פּיניע: "פֿון וואַנען זשע נעמט זיך עס, וואָס אַ שנײַדער הייסט דאָ "אָפּרייטער"? זאָגט אליהו: "דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס... וואָס... וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? וואָס בין איך מחויבֿ דיר צו פֿאַרטײַטשן אַלע ווערטער, וואָס מע זאָגט דאָ אין אַמעריקע?"

- שאַ! שרײַ ניט! מע ווערט פֿון דיר ניט גליקלעך! - זאָגט פּיניע און דרייט זיך אויס צו מיר מיטן פּנים. - קום נאָר אַהער, קטנתּי. אַז דו ווילסט וויסן עפּעס אַ זאַך, זאָלסטו קיינמאָל ניט פֿרעגן בײַ דײַן ברודער אליהו, וואָרעם ער ווייס ניט.

- איר ווייסט ביידע מער פֿון אַ טויטן! - מישט זיך אַרײַן מײַן שווערגערין ברכה און שטעלט זיך אײַן פֿאַר איר מאַן.

- ז -

דערווײַל האָב איך מיך פֿאַררעדט פֿון זײַטיקע זאַכן און האָב פֿאַרגעסן, אַז איך האָב גענומען אויסרעכענען, ווער פֿון אונדזערע באַקאַנטע זײַנען דאָ, אין אַמעריקע. אַ חוץ אונדזער חבֿר פּיניעס משפּחה, איז גאַנץ כּתרילעווקע אַצינד אין אַמעריקע. און ס'איז אַ סבֿרה, אַז פּיניעס משפּחה קלײַבט זיך אויך אַהערצוצו. פּיניעס פֿאָטער, הערש-לייב מעכאַניק, און זײַן פֿעטער שניאור דער זייגער-מאַכער שרײַבן צו פּיניען, אַז זיי וואָלטן שוין לאַנג אַרויסגעפֿאָרן, האָבן זיי ניט מיט וואָס. בעטן זיי, מע זאָל זיי אַרויסשיקן שיפֿסקאַרטן. קלײַבן מיר איצטער אַ פּעני צו אַ פּעני. אַז מיר וועלן צונויפֿקלײַבן די ערשטע עטלעכע טאָלער אויף אײַנצוצאָלן אַן אויפֿגאָב, וועלן מיר זיי אַרויסשיקן שיפֿסקאַרטן אויף אויסצוצאָלן. און זיי וועלן מיט גאָטס הילף געוויס אויסצאָלן. וואָרעם זיי קומען אַהער ניט מיט ליידיקע הענט. הערש-לייב דער מעכאַניק שרײַבט, אַז ער האָט צוגעטראַכט אַ נײַעם אויוון. אַזאַ מין אויוון, וואָס מע דאַרף צו אים האָבן זייער ווינציק האָלץ. כּמעט גאָלע גאָרניט. ווי אַזוי? דאָס איז זײַן סוד... און שניאור דער זייגער-מאַכער האָט אויסגעקלערט אַ זייגער, וואָס גאַנץ אַמעריקע וועט לויפֿן קוקן אויף חידושים. וואָס-זשע איז דאָס פֿאַר אַ מין זייגער? וועט איר הערן, וואָס מע שרײַבט צו פּיניען פֿון דער היים.

- ח -

דער זייגער אַליין איז אַ געוויינלעכער וואַנט-זייגער מיט אַ געוויינלעכן ציפֿערבלאַט. נאָר וואָס דען? אַז איר קוקט זיך גוט צו צום ציפֿערבלאַט, דערזעט איר אויסגעמאָלט די זון מיט דער לבֿנה מיט אַלע צוועלף שטערן. בײַ טאָג זעט מען מער אַרויס די זון. און בײַנאַכט - די לבֿנה מיט די שטערן. זײַט איר פֿאַרטיק? האָט צײַט! אַלע מאָל, ווען דער זייגער שלאָגט אויס צוועלף, עפֿנט זיך אויף פֿאַר אײַערע אויגן אַ קליין טירעלע און עס קומט אַרויס פֿריִער אַן אָפֿיציר מיט אַ שפּאַגע. דערנאָך צוועלף סאָלדאַטן-מוזיקאַנטן. דער אָפֿיציר טוט אַ מאַך מיט דער שפּאַגע, און די צוועלף סאָלדאַטן שפּילן אָפּ אַ מאַרש און גייען אַוועק. מאַכט זיך צו דאָס טירעלע - און שוין! ווי מיינט איר, קאָן מען מיט אַזאַ זייגער פֿאַרדינען געלט אין אַמעריקע? אויף דעם זייגער האָט פּיניעס פֿעטער פֿאַרבראַכט היפּשע עטלעכע יאָר. ער איז שוין געווען בײַ אים כּמעט אינגאַנצן פֿאַרטיק. האָט מען אים בעת פּאָגראָם צעריבן אויף שטיקלעך. נאָר עס מאַכט ניט אויס. אַבי דער שׂכל פֿונעם זייגער איז געבליבן בײַ אים.

לאָז ער נאָר קומען קיין אַמעריקע, וועט שוין זײַן, ווי מע זאָגט דאָ, אָללרײַט!

- ט -

און וויאַזוי מיר מאַכן אַ לעבן - האָב איך אײַך נאָך אַלץ ניט געזאָגט. נאָר דאָס לאָז שוין זײַן אויף מאָרגן.

XII

מיר מאַכן אַ לעבן

- א -

דער ערשטער האָט זיך אַרויפֿגעשלאָגן אויף אַ וועג און געגומען מאַכן אַ לעבן מײַן ברודער אליהו. און וועמען האָט ער צו פֿאַרדאַנקען? דער מאַמען. זי גייט אַלע שבת דאַווענען אין כּתרילעווקער בית-המדרש, באַגעגנט זי זיך מיט מענטשן. האָט זי זיך באַקענט מיט דער פּרעזידענטיכע, דאָס מיינט מיט דער גבאיטע פֿון שול. וואָרעם אַ גבאי אין אַ שול הייסט דאָ "פּרעזידענט". די פּרעזידענטיכע איז אַ ווײַלע ייִדענע און האַלט פֿון מײַן מאַמע, דערפֿאַר, וואָס מײַן מאַמע ווייס אַלעמאָל, ווו דער חזן האַלט און וואָס דער חזן זאָגט. און די היגע ווײַבער ווייסן ניט ווער עס האָט זיי געשלייערט. אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהוס ווײַב ברכה. מײַן שוועגערין ברכה זאָגט, אַז די היגע ווײַבער גייען אין שול אַרײַן נאָר צו באַווײַזן זייערע באַרליאַנטן. דאָ הייסט דאָס "דײַמאָנטס * ". און אַז זיי זײַנען מחילה גרויסע בהמות. אַזוי זאָגט ברכה. און אַז זיי ווייסן ניט קיין צלם פֿאַר קיין אַלף. און אַז זיי קאָנען נאָר גוט פֿרעסן און ריידן לשון-הרע... האַקט איר איבער די מאַמע און זאָגט, אַז "אָט דאָס אַליין, טאַכטער לעבן, איז דאָך אויך לשון-הרע"... פֿאַרענטפֿערט זיך ברכה, אַז זי מעג, וואָרעם זי זאָגט דאָס פֿאַר אייגענע, ניט פֿאַר פֿרעמדע... נאָר מיר קערן זיך אום צוריק צו דער פּרעזידענטיכע און צו איר מאַן, דעם פּרעזידענט פֿון דער כּתרילעווקער שול.

- ב -

האָט איר ווען געהערט פֿון דער "היברו נײַשאָנאַל וואָרשט קאָמפּאַני * "? דאָרט פֿאַרקויפֿט מען ייִדישע כּשרע קאָלבאַסעס. דאַרע קישקע, געבראָטענע צונגען און געוויכערטע פֿליישן. אין אַלע עקן שטאָט האָבן זיי "סטאָרס * ", ווו איר קומט אַרײַן קויפֿן כּשר וואורשט. אויב איר זײַט הונגעריק און האָט צײַט, הייסט איר אײַך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך, נאָר וואָס פֿון דער זאַד, און איר עסט דאָס מיט כריין, אָדער מיט זענעפֿט, ווי אַזוי איר ווילט. אויב איר זײַט ניט קורץ אין געלט, קאָנט איר זיך הייסן דערלאַנגען נאָך אַ פּאָרציע. איך און מײַן חבֿר מענדל האָבן אַמאָל אַרײַנגעשטעלט דרײַ פּאָרציעס און האָבן געפֿילט, אַז מיר וואָלטן בײַגעקומען נאָך צוויי פּאָרציעס - איז בײַ אונדז אָבער אויסגעגאַנגען פֿאָדעם... נאָר ניט דאָס האָב איך אײַך געוואָלט דערציילן.

- ג -

וואָס איך האָב אײַך געוואָלט דערציילן איז אָט-וואָס. דער פּרעזידענט פֿון אונדזער שול איז איינער פֿון די באַלעבאַטים אין דער "היברו נײַשאָנאַל וואורשט קאָמפּאַני". האָט די מאַמע דורך דער פּרעזידענטיכע געפּועלט בײַם פּרעזידענט, אַז מע זאָל אַרײַננעמען מײַן ברודער אליהו אין דער "היברו נײַשאָנאַל וואורשט קאָמפּאַני" פֿאַר אַ מענטשן. דאָ הייסט עס אַ סיילעסמאַן * , אַ פֿאַרקויפֿער. און ניט נאָר אַ פֿאַרקויפֿער אַליין, נאָר טאַקע אַ "ווייטער * " אויך. דאָס הייסט, אַז איינער קומט אַרײַן און הייסט זיך דערלאַנגען הייסע קישקעלעך - דאַרף מען זיך ניט שעמען און דערלאַנגען. האָט זיך אַפֿילו מײַן ברודער די ערשטע צײַט געבערעקלט: "סטײַטש, אַ יונגערמאַן מיט אַ בערדל, פּייסי דעם חזנס אַ זון און יונה דעם בעקערס אַן איידעם, זאָל זײַן אַ משרת!"... האָט אים אונדזער חבֿר פּיניע אָוועקגעגעבן אַ גאָב. "וואָס מיינסטו? - האָט אים פּיניע געריבן די ביינער. - דו מיינסט, אַז דו ביסט אינעם פֿאַרשאָלטענעם כּתרילעווקע? דו ביסט אין אַמעריקע ביסטו! אין אַמעריקע האָבן אַזעלכע פּײַנע מענטשן ווי דו, למשל, אַ קאַרנעגי, אַ ראָקענפֿעלער, אַ וואַנדערבילד, געפֿעדלט מיט גאַזעטן, אַרומגעטראָגן שוועבעלעך )דאָ הייסט עס "מעטשעס * "( און געפּוצט שטיוול אויף דער סטריט! לייען די געשיכטע פֿון אַ דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, פֿון אייבראַם לינקאָלן, אָדער פֿון אַנדערע גרויסע לײַט, וועסטו זען, אַז "פּייסי דעם חזנס זון מעג אָנשטיין פֿאַרקויפֿן קישקעלעך"...

- ד -

דאָ האָט אָבער אונדזער חבֿר פּיניע געכאַפּט אַ מיאוסן פּסק פֿון מײַן מאַמע. וואָרעם כּל-זמן פּיניע האָט געשאָטן מיט נעמען: קאַרנעגי, ראָקענפֿעלער, וואַנדערבילד, - האָט איר ניט געאַרט. נאָר אַז ער האָט דערמאָנט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און אייבראַם לינקאָלן אינאיינעם מיט מײַן טאַטן פּייסי דעם חזן - האָט דאָס איר פֿאַרדראָסן. זי האָט געזאָגט, אַז זי קען ניט וואַשינגטאָנען און ווייס ניט ווער אַבֿרהם לינקאָלן איז געווען. עס קאָן זייער זײַן, אַז דאָס זײַנען געווען גאַנץ לײַטישע מענטשן און גאַנץ שיינע ייִדן. נאָר זי וויל ניט, מע זאָל איר מאַנס נאָמען באַצײַען אַהער קיין אַמעריקע. לאָז ער זיך זײַן, זאָגט זי, דאָרטן אין גן-עדן אַ גוטער מליץ פֿאַר איר און פֿאַר אײַך און פֿאַר כּל-ישׂראל.

- אָמן! - זאָג איך, און כאַפּ אַ פּאַטש פֿון מײַן ברודער אליהו -
- איך זאָל ניט זײַן קיין עזות-פּנים.
- ה -

בקיצור - מייַן ברודער אליהו האָט אַ דזשאַב און מאַכט אַ לעבן. ער פֿאַרקויפֿט קישקעלעך און דערלאַנגט צום טיש און באַקומט דערפֿאַר, ערשטנס פֿינף טאָלער אַ וואָך, און אַ חוץ-לזה, צוויי מאָל אין טאָג עסן - איז אויך עפּעס ווערט. הייַנט וואָס איז ווערט דאָס וואָס עס קומען אַרייַן אין "סטאָר" קויפֿן פֿלייש אַ וועלט מיט מענטשן? אַלע טאָג מאַכט ער נייַע באַקאַנטשאַפֿטן מיט די פֿייַנסטע לייַט פֿון ניו-יאָרק. עס איז דאָ אַ האָפֿענונג, אַז מייַן ברודער זאָל גיין העכער און העכער, מחמת ער איז באַליבט פֿון די באַלעבאַטים און זייער בכּבֿודיק ביי די קאָסטאָמערס. אַ קאָסטאָמער האָט הנאה, אַז אים באַדינט אַ טאַטנס אַ קינד, ניט קיין געבוירענער משרת... איין שטיקעלע חסרון האָט מייַן ברודער - דאָס וואָס עס וואַקסט אים, ניט פֿאַר אייַך געדאַכט, אַ באָרד. ער זאָל ניט האָבן קיין באָרד, וואָלט ער געווען גאָר-גאָר אָללרייַט. איז אָבער, ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך זייַן באָרד אין אַמעריקע ביי אים צעוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג. דאָס הייסט, מער אין דער ברייט ווי אין דער לענג. זאָגט אים פּיניע, אַז ער וואָלט געמעגט דאָס בערדל, אויף אַמעריקאַנער לשון גערעדט, אַביסל "צופּיקסן * ", אַזוי ווי ער, פּיניע, האָט געטאָן. ער האָט זיך אַרייַנגעכאַפּט צו אַ שערער (דאָס הייסט עס אַ "באַרבער-שאַפּ") און האָט זיך אַוועקגעזעצט, זאָגט ער, אויפֿן "טשער * " (אַזאַ שטול) און פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ און ניט געזאָגט קיין וואָרט, מחמת ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געקאָנט רײדן קיין ענגליש. איז צוגעגאַנגען דער שערער, דער "באַרבער" הייסט עס, און האָט אים, זאָגט ער, אָנגענומען ביי דער נאָז - אַזוי זאָגט פּיניע - און האָט ניט געטאָן גאָרניט. ער האָט אים, זאָגט ער, נאָר אָנגעזייפֿט גוט דאָס גאַנצע פּנים און איז זיך דורכגעגאַנגען מיט אַ גאָלמעסער מער ניט אַז צוויי מאָל, און האָט אים געהייסן אויפֿשטיין. און אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען, אַזוי דערציילט פּיניע, און האָט געגעבן אַ קוק אין שפּיגל, האָט ער זיך אַליין ניט דערקענט. אויף זייַן פּנים איז ניט געבליבן, איר זאָלט זאָגן, אַ סימן פֿון אַ באָרד, אָדער פֿון וואָנצעס, גלאַט, ווי אַ לאָקשנברעט. עס האָט זיך אים, זאָגט ער, אויסגעוויזן, אַז ער שמייכלט... וויי-וויי, וואָס ער האָט געהאַט פֿון זייַן ווייַב טייַבלי! זי האָט נעבעך געחלשט צוויי מאָל און איז אַזש קראַנק געוואָרן פֿון צרות און פֿאַר בזיון. דאָס איז אָבער נאָר געווען די ערשטע צייַט. איצט האָט זי זיך שוין צוגעוווינט. איר פּיניע גאָלט זיך אַלע וואָך דאָס גאַנצע פּנים און זעט אויס ווי אַן עכטער אַמעריקאַנער. ער רעדט שוין גאָר ענגליש און קייַט שוין כּסדר "טשוינגאָם * ". ער שלינגט דאָס שוין אָבער מער ניט אַראָפּ... דערצו, ווען ער זאָל נאָך וועלן אַכטונג געבן, די מאַנישקע זאָל זיך ביי אים ניט צעשפּיליען, דאָס האַלדזטיכל זאָל זייַן אויף אַן אָרט, אוןביידע הויזן זאָלן זייַן גלייַך, ניט איינער אַראָפּ, דער אַנדערער אַרויף, - וואָלט ער שוין געווען אַ גאַנצער דזשענטעלמען, אַ ספּאָרט.

- ו -

פּיניע זאָל ניט האָבן אויף זיך קיין דרייקאָפּ (ער שטאַמט דאָך פֿון אַ משפּחה פֿון "קעפּמענטשן"), און דער קאָפּ זייַנער זאָל אים ניט טראָגן אין די גרויסע געשעפֿטן, וואָס דאָ הייסט עס "ביזנעס", וואָלט ער געקאָנט מאַכן אַ לעבן. ער מאַכט אַזוי אויך אַ לעבן. נאָר דער חסרון איז, וואָס ער וואַרפֿט זיך אַלע מאָל אויף אַן אַנדער דזשאַב. דערפֿאַר האָט ער אַ מעלה, וואָס ער שעמט זיך ניט מיט קיין אַרבעט אין דער וועלט. ער וועט אייַך טאָן וואָס איר וועט אים הייסן, אַבי מאַכן אַ טאָלער. קערן די סטריט - איז קערן די סטריט. שאַרן קוילן - איז שאַרן קוילן. פּעדלען מיט גאַזעטן - איז אַוודאי גוט. אַמעריקע, זאָגט ער, איז אַ פֿרייַע מדינה און אַ בזיון איז, זאָגט ער, נאָר גנבֿענען. דערפֿאַר, זאָגט ער, אַרבעטן דאָ אַלע און קיינער גנבֿעט ניט. גנבֿענען, זאָגט ער, גנבֿענען דאָ נאָר די איטאַליענער. אַ געבאָרענער אַן אַמעריקאַנער, זאָגט ער, וועט ניט גנבֿענען, עס מעג ליגן גאָלד. אַן אַמעריקאַנער וועט אייַך קיינמאָל ניט אָפּנאַרן. און קיין ליגן וועט אייַך קיינמאָל אַן אַמעריקאַנער ניט זאָגן. אַזוי דרינגט פּיניע. ער האָט שוין אַפֿילו געמאַכט אַ ליד אויף אַמעריקע. דאָס גאַנצע ליד געדענק איך ניט. עטלעכע שורות פֿון דעם קאָן איך אייַך זאָגן אויף אויסנווייניק. אָט אַזוי הייבט זיך עס אָן ביי אים:

"קאָלומבוסעס מדינה
איז אַ לאַנד פֿאַר גרינע.
דאָס איינציקע געבליבן,
וואָס אַ ייִד מאַכט דאָ אַ לעבן...
דאָס לאַנד איז גרויס
גאָר אָן אַ סוף.
דאָ האַקט מען ניט קיין טשייַניק,
דאָ ווייס מען ניט פֿון בלאָף..."
דערנאָך זינגט זיך ביי אים ווייַטער און ווייַטער, און לאָזן לאָזט ער אויס מיט אַזאַ מין גראַם:

"אַמעריקע איז דאָס לאַנד פֿון יושר,
האָט אַ פּרעזידענט און ניט קיין קייסער..."
לאַכט פֿון אים מייַן ברודער אליהו. ער זאָגט, אַז "יושר" גראַמט זיך עפּעס ניט אַזוי גוט מיט "קייסער". ענטפֿערט אים פּיניע מיט אַ משל: "אַז דער מאַן הייסט מענדל, מעג מען עסן פֿון זייַן פֿענדל. און אַז דער מאַן הייסט לייזער, איז אַ רוח אים אין טאַטן... פֿרעגט די וועלט אַ קשיא: ווו איז דאָ דער גראַם? איז דער תּירוץ: אַ רוח אים אין טאַטן אָן אַ גראַם"...

- ז -

איר מיינט, אַז אונדזערע ווײַבער מאַכן ניט קיין לעבן? איך מיין דאָס מײַן ברודער אליהוס ווײַב ברכה און אונדזער חבֿר פּיניעס ווײַבל טײַבל. זיי אַרבעטן בײַ "נעק-טײַס * " )מענערשע שניפּסן(. און ווען האָבן זיי צו פֿאַרדאַנקען? ווידעראַמאָל מײַן מאַמען, און ווידעראַמאָל צוליב דעם, וואָס זי גייט אַלע שבת אין שול אַרײַן. דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט אַן אָלרײַטניטשקע, אַ נגידית הייסט עס )אַ נגיד הייסט דאָ אַן "אָלרײַטניק"(. די דאָזיקע אָלרײַטניטשקע איז אַמאָל געווען, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, אַ דינסטמיידל בײַ אונדז אין כּתרילעווקע, טאַקע בײַ רב יאָסיע דעם נגיד. איר נאָמען איז קריינדל. מיט דער קריינדלען איז אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס קאָן דערציילט ווערן אין קורצן.

- ח -
בײַ אונדז, אין כּתרילעווקע, איז אַמאָל געווען אַ קצבֿ מיטן נאָמען מלך. מלך דער קצבֿ. האָט דער מלך געהאַט אַ יונג מיטן נאָמען נחמיה. האָט ער זיך פֿאַרליבט, אָט דער נחמיה הייסט עס, אין דער מויד, אין קריינדלען, און געוואָלט מיט איר חתונה האָבן. האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס. האָט ער זיך מישבֿ געווען איינמאָל, - מלך דער קצבֿ האָט אים געגעבן געלט, ער זאָל פֿאָרן אויפֿן יריד קויפֿן אַ בהמה, - האָט ער גענומען דאָס געלט, נחמיה הייסט עס, און איז אַוועק מיט דער מויד, מיט קריינדלען הייסט עס, קיין אַמעריקע. האָט דאָס אים באַגליקט און ער איז געוואָרן אַן אָלרײַטניק, און קריינדל איז געוואָרן אַן אָלרײַטניטשקע. איצט האָבן זיי אַ פֿאַבריק, דאָ הייסט עס אַ פֿעקטאָרי, פֿון נעק-טײַס, דאָס הייסט פֿון האַלדזטיכלעך. האָט זיך געטראָפֿן אַ מעשׂה, די אָלרײַטניטשקע, קריינדל הייסט דאָס, האָט געהאַט יאָרצײַט נאָך איר מאַמע. איז זי געקומען אין שול און האָט זיך צערעדט מיט דער מאַמע און זיך געלאָזט דערקענען. דערהערט פֿון דער מאַמע, אַז מײַן טאַטע איז געווען פּייסי דער חזן, האָט זי זיך נאָך מער צוגעלאָזט צו מײַן מאַמע און צוגעזאָגט אונדז באַהילפֿיק זײַן מיט וואָס נאָר מעגלעך. האָט איר די מאַמע געזאָגט, אַז קיין הילף וויל זי ניט. זי פֿאַרלאַנגט נאָר אַרבעט פֿאַר אירע קינדער. אַ וואָרט און אַ וואָרט - די אָלרײַטניטשקע האָט אויסגעפּועלט בײַ איר מאַן דעם אָלרײַטניק, ער זאָל געבן אַן אָרט בײַ זיך אין דער פֿעקטאָרי פֿאַר מײַן שוועגערין ברכה און פֿאַר אונדזער פּיניעס ווײַבל טײַבל. זײַנען זיי אַ פּאָר וואָכן געגאַנגען אויף בראָדוויי אַרבעטן אין דער פֿעקטאָרי. און דערנאָך האָט די מאַמע געפּועלט, מע זאָל זיי געבן אַרבעט אַהיים, ניט זיצן אַ גאַנצן טאָג אין שאַפּ.

- ט -
עס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן: כּל-זמן דער "סיזען * " האָט זיך געהאַלטן, איז מען געווען "ביזי * ", דאָס הייסט, מע האָט געהאַט אַרבעט. שפּעטער, אַז ס'איז געוואָרן "סלעקטיים * ", דאָס הייסט, ס'איז קיין אַרבעט ניט געווען, זײַנען אונדזערע ווײַבער געבליבן אָן אַרבעט. מיר האָבן זיך אָבער שטאַרק ניט גענומען צום האַרצן. וואָרעם "גאָט איז אַ פֿאָטער - מיט איין האַנט שטראָפֿט ער, מיט דער אַנדערער היילט ער". אַזוי זאָגט די מאַמע. איך פֿאַרשטיי דאָס ניט מיטן שׂכל: צו וואָס דאַרף גאָט שטראָפֿן און דערנאָך היילן? אַמער, לאָז ער ניט שטראָפֿן, וועט ער פֿאַרשפּאָרן היילן... און ווידער זאָגט די מאַמע, "אַז גאָט שיקט די רפֿואה פֿאַר דער מכּה"...

- י -
אַקעגן וואָס זאָגט זי דאָס? - וועט איר באַלד הערן. נאָר לאָמיר זיך אַביסל אָפּרוען, כּדי איך זאָל כּוח האָבן דערציילן ווײַטער.

XIII

די רפֿואה פֿאַר דער מכּה

- א -
איך האָב אײַך צוגעזאָגט דערציילן, וואָס מײַן מאַמע האָט געמיינט מיט דעם, וואָס זי זאָגט, אַז "גאָט שיקט צו די רפֿואה פֿאַר דער מכּה"? אַזוי איז געווען די מעשׂה:

מײַן ברודער אליהון איז נימאס געוואָרן צו דינען אין דער "ייִדישער נײשאָנאַל וווּרשט קאָמפּאַני". ס'איז ניט פֿאַר אים קיין דזשאַב. פֿאַרגעסט ניט, אַז מײַן ברודער אליהו איז פּייסי דעם חזנס אַ זון. ער איז אַ יונגערמאַן אַן איידעלער. ער האָט אַ קול-נגינה. קאָן גאַנץ פֿײַן דאַווענען פֿאַרן עמוד. ווי פּאַסט דאָס פֿאַר אַזאַ יונגנמאַן צו דערלאַנגען קישקעלעך צום טיש? דאָס דערלאַנגען אַליין וואָלט נאָך אפֿשר ניט אויסגעמאַכט, זײַנען אָבער פֿאַראַן אַלערליי מענטשן. פֿאַראַן מענטשן איידעלע. אַן איידלמאַן, אַ טאַטנס אַ קינד, קומט אַרײַן און הייסט זיך דערלאַנגען אַ פּאָרציע וווּרשטלעך, עסט אויף די וווּרשטלעך, באַצאָלט און גוד באַי.

- ב -
פֿאַראַן אָבער אַזעלכער, וואָס איז ניט קיין איידלמאַן. עס מאַכט זיך אַמאָל אַ גראָבער נפֿש. קאָכט ער אויס דאָס וואַסער. דאָס זײַנען אים די קישקעלעך ניט גענוג הייס. דאָס פֿעלט אים זענעפֿט. און אַז ער רעדט, זאָגט ער ניט ווי אַ מענטש: "זײַט-זשע מוחל, גיט מיר נאָך אַ פּאָרציע". נאָר ער טוט אַ פֿײַף, אָדער אַ קנאַק מיט די פֿינגער און אַ הוק: "סעי, ווייטער! גיוו מי * נאָך אַ פּאָרציע!" און מײַן ברודער אליהו איז ניט געוווינט געוואָרן, מע זאָל צו אים אַזוי ריידן. ווערט ער אָנגעצונדן. ער ענטפֿערט ניט אַזאַ גראָביאַן. ווערט דער גראָביאַן אין כּעס און שרײַט נאָך העכער: "סעי, פּראָפֿעסאָר! קאַם איר * !" ענטפֿערט אים דעמאָלט אליהו: "וואָס פֿאַר אַ פּראָפֿעסאָר בין איך

אײַך?"... ווערט יענער נאָך מער אין כּעס און צעשרײַט זיך. דערהערט דער באַלעבאָס. קומט ער צו צו מײַן ברודער און פֿרעגט אים: "וואַט איז די מערדער וויט יו * ?" דאָס הייסט: וואָס טוט זיך עס מיט דיר?... ענטפֿערט אים ניט אליהו. פֿרעגט אים דער באַלעבאָס: "פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו ניט, אַז מע פֿרעגט דיך?" זאָגט אים אליהו: "פֿרעגט מיך ווי אַ מענטש, וועל איך אײַך ענטפֿערן". פֿרעגט אים דער באַלעבאָס: "וועלכעס הייסט ווי אַ מענטש?" ענטפֿערט אים אליהו: "אַ מענטש רעדט אויף ייִדיש"... פֿרעגט אים ווידער דער באָס: "און אַז איך רייד אויף ענגליש, בין איך אַ פּיפּערנאָטער?"... ענטפֿערט אים אליהו: "עס קאָן זײַן..."

- אויב אַזוי, - זאָגט צו אים דער באָס - קריגסטו די סעק * . דאָס הייסט, דו קאָנסט מאָרגן זיצן אין דער היים...

- ג -

"דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט, אַבי ניט פֿאַרקויפֿן קיין קישקעלעך". אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. אונדזער חבֿר פּיניע שטימט מיט אים ניט אײַן. פּיניע גייט מיט דעם גאַנג, אַז אַמעריקע איז אַ פֿרײַע מדינה, אַז אין אַמעריקע באַדאַרף אַלצדינג אָנשטיין. און טאָמער ווילט איר אים איבערשפּאַרן, הייבט ער באַלד אָן מיט זײַנע מיליאָנערן: "קאַרנעגי... וואַנדערבילד... ראָקענפֿעלער..." פֿרעגט אים אליהו:

- פֿון וואַנען קענסטו זיך מיט די דאָזיקע לײַט?

ענטפֿערט אים פּיניע אָפּ:

- למאַי פֿון וואַנען ווייס איך, וואָס אין דעם רוסישן "הויף" טוט זיך?

פֿרעגט אים ווידער אליהו:

- נו יאָ, פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?

ענטפֿערט אים פּיניע אָפּ:

- זאָלסט לייענען אַזוי פֿיל ראָמאַנען, ווי איך, וואָלסטו אפֿשר אויך געוווּסט...

- ד -

דאָס מיינט פּיניע די ביכער, וואָס ער לייענט בײַ אונדזער משה דעם אײַנבינדער. זיי זײַנען געדרוקט אויף פּראָסט ייִדיש. און גראָב זײַנען זיי. און שווער. שווערער פֿון דער מאַמעס טײַטש-חומש. משה דער אײַנבינדער גיט זיי אויף איבערלייענען. ער מאַכט דערפֿון אַ לעבן. וואָרעם איין בוך לייענען אפֿשר הונדערט מענטשן. צום מיינסטן, ווײַבער. ווײַבער האָבן ליב ראָמאַנען. מײַן שוועגערין ברכה לייענט זיי אַלע שבת בײַ טאָג, ווי אַ וואַסער. מײַן מאַמע און פּיניעס ווײַב טײַבל האָבן ליב צו הערן, ווי ברכה לייענט. די מאַמע ווערט באַלד אַנטשלאָפֿן. נאָר טײַבל רעדט און זיפֿצט. אַמאָל וויינט זי. זי האָט אַ ווייך האַרץ. ס'זאָל ניט זײַן שבת און מע זאָל מעגן, וואָלט איך אויסגעמאָלט מיט אַ פּענדזל אויף פּאַפּיר, ווי אַזוי ברכה לייענט, און ווי אַזוי די מאַמע שלאָפֿט, און ווי אַזוי טײַבל וויינט...

נאָר מיר האָבן זיך אַביסל פֿאַררעדט, און מיר ווייסן נאָך אַלץ ניט, ווי אַזוי גאָט שיקט צו די רפֿואה פֿאַר דער מכּה.

- ה -

פֿריִער - וועגן דער מכּה. געוויס איז דאָס אַ מכּה, אַז אַ יונגערמאַן, ווי מײַן ברודער אליהו, גייט אַרום אָן אַ שטאָך אַרבעט. ער קאָן ניט טאָן דאָס, וואָס אונדזער חבֿר פּיניע טוט. פּיניען, למשל, שטייט אָן נעמען אַ לאָפּעטע ווינטער און רייניקן דעם שניי פֿון דער סטריט. אליהו זאָגט, אַז ער וואָלט אויך געגאַנגען רייניקן דעם שניי, נאָר ניט אין סטריט. זאָגט צו אים פּיניע: "וואָס דען האָסטו געוואָלט? מע זאָל דיר אַרײַנטראָגן דײַן פּאָרציע שניי אין שטוב אַרײַן?" ברענט דאָס אליהון, וואָס פּיניע איז אויפֿגעלייגט.

- אַ פּנים, ס'איז דיר גוט, וואָס דו זאָגסט ווערטלעך? - טוט אים אליהו אַ זאָג און באַקומט פֿון אים אַן ענטפֿער:

- שור איז מיר גוט, אַז איך דערמאָן זיך, אַז איך בין אין אַמעריקע, ניט אין פּאָגראָמענלאַנד.

- אַ גדולה אויף דײַן באָבען! - זאָגט אליהו, און פֿון האַרצווייטיק גייט ער אַוועק גאָר אין שול אַרײַן, אין כּתרילעווקער בית-המדרש. און דאָ, אין כּתרילעווקער בית-המדרש, קומט די רפֿואה צו דער מכּה. ווי אַזוי? וועט איר הערן אַ שיינס.

- ו -

מיר דאַכט, איך האָב אײַך שוין אַמאָל דערציילט, אַז אין דעם זומער, וואָס מיר האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבערן לאָנדאָנער ווײַטשעפּעל, איז דערווײַל אין דער אַלטער היים, אין אונדזער ליבן כּתרילעווקע, אויסגעבראָכן אַ כּפֿול-שמונהדיקער פּאָגראָם מיט אַ שׂרפֿה אַ צוגאָב. וואָס מע האָט געקאָנט ראַבעווען, האָט מען גערוּאַבעוועט. וואָס מע האָט געקאָנט צעברעכן, האָט מען צעבראָכן. דאָס איבעריקע האָט מען אונטערגעצונדן און פֿאַרברענט. מילא, פֿון אָרעמע לײַט שמועסט מען ניט. אַ חוץ די עטלעכע קישעלעך האָבן זיי ניט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן. זיי האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס זיי זײַנען כאָטש אַרויס מיטן לעבן. וואָרעם עס זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געכאַפּט קלעפּ, און אַזעלכע, וואָס זײַנען פֿון די קלעפּ געשטאָרבן. אָרעמע עופֿעלעך נעבעך זײַנען אַ טייל צעריסן געוואָרן פֿון די כוליגאַנעס און אַ טייל זײַנען אויסגעגאַנגען פֿון הונגער. נאָר פֿון די רעדט מען ניט. ריידן רעדט מען פֿון יענע, וואָס ערשט נעכטן זײַנען זיי געווען נגידים, גבֿירים, אַדירים, און הײַנט זײַנען זיי געבליבן קבצנים, דלפֿנים, עניים, ואבֿיונים, אָן אַ העמד אויפֿן לײַב און אָן אַ שטיקל ברויט. אָט פֿון די דאָזיקע געפֿאַלענע, אַז מע טוט אַ טראַכט, - אַזוי זאָגן אונדזערע לײַט - גייט איבער אַ פֿראָסט איבערן לײַב! פֿאַרוואָס גייט ניט איבער קיין פֿראָסט איבערן לײַב, אַז מע טוט אַ טראַכט וועגן די אָרעמע לײַט און וועגן זייערע אָרעמע עופֿעלעך, וואָס זײַנען צעריסן געוואָרן פֿון די כוליגאַנעס און וואָס זײַנען אויסגעגאַנגען פֿון הונגער? - דאָס קאָן איך ניט פֿאַרשטיין. מײַן חבֿר מענדל אויך ניט. ער זאָגט, אַז די כּתרילעווקער ייִדן האָבן שוין אַזאַ טבֿע: אַן אָרעמאַן, אַז ער גייט אויס פֿון הונגער, איז בײַ זיי גאָרניט. און אַ נגיד, אַז ער ווערט אַ קבצן - כאַפּט זיי אַוועק דער רוח!...

- ז -

בקיצור - צווישן אונדזערע כּתרילעווקער נגידים, גבֿירים, אַדירים איז געווען איינער מיטן נאָמען משה-נח. אַחוץ וואָס ער האָט געהאַט אַן אייגענע שטוב מיט אַ הויף, מיט אַ גאָרטן, איז ער גלאַט געווען אַ גבֿיר. אַ סימן: זומער פֿלעגט ער אַרומגיין אין די גאַטקעס, דאָס הייסט, אין די אונטערהויזן. און אויף די אונטערהויזן - אַ כאַלאַט. אַ ייִד אַן אָרעמאַן וועט ניט וואַגן באַווײַזן זיך אין די אונטערהויזן. מסתּמא, דאַרף מען רעכענען, איז ער תּקיף, אַ ייִד אַ גבֿיר - ווּעמען הערט ער?... הײַנט ווייס די גאַנצע וועלט, אַז פֿון זײַן מאַמע איז אים געבליבן בירושה דרײַ קלייטן אין מיטן מאַרק. און אַ בהמה האָט ער געהאַט אַלע מאָל אַ מעלקעדיקע. די דרײַ קלייטן האָבן אים גענוג אַרײַנגעטראָגן צום לעבן, נאָך איבער גענוג. פֿונדעסטוועגן האָט זײַן ווײַב נחמה-מירל (מע האָט זי גערופֿן "דחבה-בירל", דערפֿאַר וואָס זי האָט אַ פֿאַרלייגטע נאָז) געשלעפּט פֿון דער מעלקעדיקער בהמה כּמעט די גאַנצע הוצאה פֿון דער שטוב. און בכדי מע זאָל איר ניט געבן קיין עין-הרע, האָט "דחבה-בירל" ליב געהאַט זיך קלאָגן, אַז איר "בהבה" האָט זיך אויפֿגעהערט צו "בעלקן" און זי גיט ניט קיין "בילך"... נאָר כּתרילעווקע נאַרט מען ניט אָפּ. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ס'אַ ליגן - די בהמה האָט זיך ניט אויפֿגעהערט צו מעלקן און זי גיט מילך... הײַנט שטעלט אײַך פֿאָר, אַז אַזאַ ייִד, ווי משה-נח, אַנטלויפֿט קיין אַמעריקע, אַ נאַקעטער, אַ באָרוועסער, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, - זאָל מען אויף אים ניט האָבן קיין רחמנות? נאָר וואָס קאָן טאָן משה-נח אין אַמעריקע? ער וועט דאָך ניט גיין אַרבעטן אין אַ שאַפּ, זײַנע קינדער אויך ניט. האָבן זיך די חבֿרה "אַנשי כּתרילעווקע" אויף אים אַרומגעקוקט און האָבן אים געמאַכט פֿאַר אַ שמשׂ אינעם כּתרילעווקער בית-המדרש.

- ח -

אין אַמעריקע אַ שמשׂ זאָלט איר ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אין אַמעריקע אַ שמשׂ לעבט שענער ווי אין כּתרילעווקע אַ באַלעבאָס. פֿון יאָרצײַטן אַליין קאָן מען דאָ נתעשר ווערן. מע האַלט דאָ זייער שטאַרק פֿון יאָרצײַטן. אַ גאַנץ יאָר דאַוונט מען דאָ ניט. מע האָט קיין צײַט ניט. "טײַם איז מאָני * " - צײַט איז געלט. אַזוי גייט דאָ דאָס לשון. נאָר אַז איינער האָט יאָרצײַט - וואַרפֿט ער אַוועק אַלע ביזנעס און לויפֿט אין שול אַרײַן. און פֿון שול לויפֿט ער אַוועק אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן און הייסט זיך געבן אַ כּשרן אָנבײַסן, וואָרעם ער האָט יאָרצײַט. און וויבאַלד ער האָט יאָרצײַט, לעקט אָפּ דער שמשׂ אַ ביינדל. און ווער שמועסט אַ בר-מיצווה - דעמאָלט פֿאַלט שוין אַרײַן דעם שמשׂ גאָר אַ גראָבס. בײַ אונדז, אין דער אַלטער היים, אַז אַ ייִנגל ווערט בר-מיצווה, טוט מען אים אָן תּפֿילין און ער מוז שוין גיין אַלע טאָג דאַווענען. דאָ, אין אַמעריקע, אַ בר-מיצווה - איז אַ יום-טובֿ. מע טוט אָן דעם בחורל אַ טליתל. מע רופֿט אים אויף, ווי אַ חתן, צו דער תּורה. ער קוויטשעט אויס, ווי אַ יונג האָנעכל, די הפֿטורה. דערנאָך הייבט ער אויף די הענטלעך און באַלעבעטשעט עפּעס אַ דרשה, אויסגעחזרט אויף אויסנווייניק, און דווקא אויף ענגליש. חס-וחלילה ניט אויף ייִדיש. דערנאָך גייט צו דער ראַבינער (דאָ הייסט ער "ראַבײַ * ", און גייט געגאָלט דאָס גאַנצע פּנים, און זעט אויס ווי בײַ אונדז אַ פּוילישער קסיאָנדז * ). ער לייגט אַרויף די ברייטע אַרבל אויפֿן בר-מיצווה און בענטשט אים "יבֿרכך"...

- ט -

קורץ, משה-נח האָט אַ גוטן דזשאַב. איין זאַך נאָר, וואָס ער מוז נעבעך אַליין גיין צו די באַלעבאַטים קאָלעקטן * . דאָס הייסט, אײַנמאָנען די "בעבֿור-שנדרס" מיט די דיוס * . דאָס הייסט, דאָס חודש-געלט פֿון די באַלעבאַטים. נו, פּאַסט דאָס פֿאַר אַ ייִדן, וואָס איז ערשט ניט לאַנג געווען אַ נגיד, - זאָל גיין קאָלעקטן? זײַן ווײַב "דחבה-בירל" האָט אַזש געוויינט פֿאַר מײַן מאַמען, אויסגעגאָסן איר גאַנץ ביטער האַרץ פֿאַר איר. זי האָט געזאָגט: "איר בעגט ביר גלייבן בדאבדות, אַז איטלעכס באָל, וואָס בײַד באַד דאַרף גייד באָדעד בעבֿור-שדדרס, זעט ער זיך ביט'ד בלאך-הבוות..." איך האָב מורא, אַז קיינער פֿון אײַך וועט ניט פֿאַרשטיין אַזאַ

לשון. עפּעס קומט דאָס אויס תּרגום. מוז מען אײַך איבערזעצן: "איר מעגט מיר גלייבן בנאמנות, אַז איטלעכס מאָל, וואָס מײַן מאַן גייט מאָנען בעבֿור-שנדרס, זעט ער זיך מיטן מלאך-המוות"... אויסגעהערט פֿון נחמה-מירלען איר ביטער האַרץ, גיט איר מײַן מאַמע אַ גלײַכע עצה, אַז איר משה-נח זאָל נעמען מײַן ברודער אליהו פֿאַר אַ קאָלעקטאָר. אים וועט דאָס זײַן אַ הילף, און מײַן ברודער וועט מאַכן אַ לעבן... פֿאַרשטייט זיך, אַז משה-נח האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פּלאַן מיט ביידע הענט. מײַן ברודער אליהו האָט זיך אַפֿילו צום אָנהייב אַביסל געקווענקלט. ס'איז אים נאָך געווען אַביסל פּריקרע. איז אונדזער חבֿר פּיניע געקומען צו הילף. ער האָט זיך צעלאָזט מיט זײַן לשון, ווי ער קאָן. ער האָט אַוועקגעגעבן אליהון אַ רעכטע פּאָרציע:

- איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס איז מיט דיר די גרויסקייט? מיט וואָס ביסטו מער מיוחס פֿון קאַרנעגי, ראָקענפֿעלער, וואַנדערבילד?... און - פּאַשאָל!

פּיניע, אַז ער וויל, קאָן ער!

- ו -

ווער וואָלט זיך עס, אַ שטייגער, געריכט, אַז פֿון אַזאַ קליינעם דזשאַב, ווי זײַן אַ קאָלעקטאָר בײַ אַ שמשׂ פֿון אַ שול, זאָל זיך אויספּיקן מיט דער צײַט אַ סך אַ גרעסערער דזשאַב? און ניט איין דזשאַב, נאָר צוויי דזשאַבן. איין דזשאַב אַלס קאָלעקטאָר פֿון אַ פֿוירניטשור-ביזנעס * פֿאַר מײַן ברודער אליהו. און דער אַנדערער דזשאַב אַלס קאָלעקטאָר פֿון אַן אינשורענס-קאָמפּאַני * - פֿאַר אונדזער חבֿר פּיניע. נאָר איך זע נאָך אײַערע פּנימער, אַז איר הייבט ניט אָן צו פֿאַרשטיין, וואָס איז אַזעלכעס "פֿיורניטשור" און וואָס איז "אינשורענס". וואַרט מיר צו אַ ווײַלע - איך וועל אײַך אַלצדינג דערקלערן.

XIV

מיר קאָלעקטן

- א -

דערפֿאַר איז גוט אין אַמעריקע, וואָס אַלצדינג טראָגט מען אַרײַן אין שטוב אַרײַן. און אַלצדינג גיט מען אײַך דאָ אויף אויסצאָלן. פֿאַר איין טאָלער אַ וואָך קאָנט איר אײַך אויסמעבלירן אײַער שטוב, ווי אַ גראַף. דאָ זאָגט מען ניט "אויסמעבלירן". דאָ זאָגט מען: "אויספֿוירנישן * ". וואָרעם מעבל הייסט דאָ "פֿוירניטשור * ". פֿון וואַנען שטאַמט דאָס וואָרט "פֿוירניטשור" - ווייס איך ניט. מײַן ברודער אליהו דענקט, אַז דאָס דאַרף וואַקסן פֿון צוויי ווערטער: "פֿאָרניט" - פֿון פֿאָרנט, און "טשער" - אַ בענקל, אַ שטול. זאָגט אָבער אונדזער חבֿר פּיניע, אַז עס הייבט זיך גאָר ניט אָן. ערשטנס, וואָס עפּעס פֿון פֿאָרנט, פֿאַרוואָס ניט פֿון הינטן? און פֿאַרוואָס עפּעס גראָד אַ שטול, פֿאַרוואָס ניט קיין שפּיגל? און צווייטנס, זאָגט מען דען פֿאָרניטשער? מע זאָגט דאָך גאָר "פֿוירניטשער". און דריטנס, מע זאָגט ניט "פֿוירניטשער", נאָר "פֿוירניטשיר" - מיט אַ חיריק. זאָגט אים אליהו, אַז נאָר אַ משוגענער וועט זאָגן פֿוירניטשיר, מיט אַ חיריק. אַ קלאָרער מענטש וועט אַלעמאָל זאָגן מיט סגול - "פֿוירניטשער". אַזוי לאַנג האָבן זיי זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט, עס האָט שוין כּמעט געהאַלטן בײַ פּעטש. אַ גליק, וואָס ברכה איז דערבײַ געווען, האָט זי ניט דערלאָזט. ביז ס'איז געבליבן, מע זאָל פֿרעגן בײַ אַן אמתן אַמעריקאַנער. דאָס הייסט, טאַקע בײַ אַ ייִדן, נאָר בײַ אַזאַ ייִדן, וואָס איז ניט קיין גרינער. דאָס הייסט, אַזעלכער, וואָס איז שוין דאָ אין לאַנד כאָטש אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. לאָזט זיך אויס, אַז דאָס וואָרט פֿוירניטשער לייגט זיך ניט אויס ניט מיט אַ חיריק און ניט מיט אַ סגול, נאָר מיט אַ מלופּן. דאָס הייסט, מע דאַרף גאָר זאָגן "פֿוירניטשור". הײַנט גייט זײַט אַ חכם!

- ב -

קיינער קויפֿט דאָ ניט אַ זאַך פֿאַר מזומן געלט. סײַדן אַזאַ ייִד, ווי דזשייקאָב שיף * . ער איז דער רײַכסטער מענטש, זאָגט מען, אין אַמעריקע. רײַכער פֿון אים איז שוין ניטאָ. אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו. און אונדזער חבֿר פּיניע דרינגט, אַז ניין. ער זאָגט, אַז קאַרנעגי איז אַ סך רײַכער. וואַנדערבילד - אַוודאי. און ראָקענפֿעלער - אַוודאי און אַוודאי! זאָגט אָבער אליהו: לא מיט אַ ספֿאָדיק! יענע זײַנען אפֿשר רײַכער אין ערד, אין אימעניעס. אָבער אין מזומן געלט - בלאָטע! - איז שיף רײַכער פֿון זיי אַלע. הייבט שוין פּיניע אָן אַרויס פֿון די כּלים און צעשרײַט זיך אויף מײַן ברודער אליהון, אַז ער ווייס ניט וואָס ער רעדט. וואָס ראָקענפֿעלער צעשענקט אַ יאָר נדבֿות נאָר, פֿאַרמאָגט דאָס אפֿשר ניט שיף אויף זײַן מאַיאָנטיק. ווערט שוין מײַן ברודער אליהו אין כּעס און זאָגט אויף פּיניען, אַז ער איז אַ שׂונא-ישׂראל, אַן אַנטיסעמיט, וואָרעם אַפֿילו ס'זאָל זײַן אמת, אַז ראָקענפֿעלער זאָל זײַן רײַכער פֿון שיפֿן, דאַרף ער אויך זאָגן, אַז שיף איז רײַכער. וואָרעם ראָקענפֿעלער איז אַ גוי, און שיף איז אַ ייִד. צעלאָזט זיך פּיניע און זאָגט:

- און אַז שיף זאָל זײַן דרײַ מאָל אַ ייִד, דעריבער זאָל איך זאָגן אַ ליגן? דו פֿאַרגעסט זיך, אליהו, צו אָפֿט, אַז מיר זײַנען אין אַמעריקע, און אַז אַמעריקע האָט פֿײַנט בלאָף!

- אַזוי פֿיל מכּות זאָל זיך זעצן אונדזערע שׂונאים אויף אַזאַ אַן אָרט, ווו איך ווייס, און אַזוי פֿיל גוטע יאָר זאָלן מיר אַלע האָבן, וויפֿל ליגונים עס ווערט אויסגערעדט אַ טאָג נאָר אין ניו-יאָרק אַליין, אַ חוץ ברוקלין * און אַ חוץ

! * בראָנזוויל * און אַ חוץ די בראָנקס

אַזוי זאָגט מײַן שוועגערין ברכה, און זייער שפּאַרן זיך נעמט אַ סוף.

- ג -
וויבאַלד, אַז מע גיט פֿוירניטשור )געדענקט זשע, אַז מע דאַרף זאָגן "פֿוירניטשור"( אויף אויסצאָלן צו טאָלער אַ וואָך, דאַרף מען דאָך האָבן מענטשן, וואָס זאָלן אַרומגיין פֿון שטוב צו שטוב אײַנמאָנען די טאָלערס. איז דערויף געשטעלט געוואָרן קאָלעקטאָרס, וואָס גייען אַרום קאָלעקטן די טאָלערס. קאָלעקטאָרס זײַנען דאָ אַ סך. יעדער קאָלעקטאָר האָט זיך זײַן "ראַוט * ", זײַנע הײַזער, ווּ ער גייט אַרום קאָלעקטן. זײַן אַרבעט איז אָנקלאַפּן אין דער טיר. דערנאָך קומט ער אַרײַן און זאָגט: "גוד מאָרנינג * !" - דאָס הייסט: אַ גוט מאָרגן. דערנאָך זאָגט ער: "ווערי נײַס דעי * " - דאָס הייסט: זייער אַ שיינער טאָג!... דערנאָך גיט ער אײַך אַרויס אַ קוויטאַנציע, נעמט אָפּ דעם טאָלער און זאָגט: "גוד באַי". מער דאַרף ער ניט ריידן. און דאָס היטל אַראָפּנעמען איז אויך ניט נייטיק. דאָ איז עס ניט קיין מאָדע. איר קאָנט אַרײַנגיין אינעם רײַכסטן הויז אין אַ היטל, און מיט די קאַלאָשן אויף די שטיוול, און איר קאָנט אײַך בעת-מעשׂה פּיפּקען אַ סיגאַרעט, אָדער פֿײַפֿן אַ ניגון, אָדער קײַען אײַער טשוויִנגאָם. קיינער וועט אײַך ניט זאָגן קיין קרום וואָרט. ס'איז אַמעריקע.

- ד -
מײַן ברודער אליהו איז גאַנץ צופֿרידן פֿונעם דזשאָב. אַ סך שענער, ווי שטיין אין דער "קאָלבאַסנע" און פֿאַרקויפֿן קישקעלעך. און פֿאַרדינען פֿאַרדינט ער אויך אַ סך מער, ווי וואָסער אַ וואָך, אַמאָל מאַכט ער אַכט טאָלער אַ וואָך, אַמאָל צען, און אַמאָל צוועלף. עס ווענדט זיך אין דער "פּאַגאָדע * ", אינעם וועטער הייסט דאָס. בײַ אַ גוטן וועטער קאָן מען גיין צופֿוס. בײַ אַ שלעכטן וועטער - מוז מען אונטערפֿאָרן מיט דער קאַר, קאָסט דאָס אַ ניקל. נאָר אַזעלכע ניקלס גייען ניט אַוועק בײַ מײַן ברודער קיין סך. וואָרעם בטבֿע איז אליהו אַ מענטש אַן אײַנגעהאַלטענער, גאָרניט דאָס, וואָס פּיניע. אונדזער פּיניע האָט שוין אַ סך אַ ברייטערע האַנט. זעלטן ווען ער גייט צופֿוס. ער מוז, זאָגט ער, פֿאָרן, וואָרעם ער האָט אַ נידעריקע ראיה אים קאָן מען גרינג איבערפֿאָרן. ניט אַזוי נאָך צוליב זײַן קורצזיכטיקייט, ווי צוליב דעם, וואָס ער איז אַ פֿאַרטראַכטע בריאה. דער קאָפּ טראָגט אים. און דערצו קאָן ער ניט באַגיין זיך אַ מינוט אָן דעם, ער זאָל ניט אַרײַנקוקן אין אַ בוך, אָדער אין אַ "פּייפּער". און אַמאָל מאַכט זיך, אַז ער האַלט סאַמע אין מיטן שרײַבן. דאָס הייסט, ער גייט אַרום און טראַכט און טראַכט - ער הערט גאָרניט, וואָס מע רעדט צו אים. דערנאָך כאַפּט ער אַ פּענסיל * אָדער אַ טינט-און-פּען און הייבט אָן שרײַבן, קאָן ער אײַך באַשרײַבן אפֿשר צען בויגן פּאַפּיר פֿון אַלע זײַטן. וואָס ער האָט דאָרטן אָנגעשריבן און וואָס טוט ער מיטן אָנגעשריבענעם - דאָס ווייס קיינער ניט. אַפֿילו זײַן ווײַב טײַבל אויך ניט. אַז מײַן ברודער אליהו פֿרעגט אים, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, ענטפֿערט ער אים:

- מיר'ן עלטער ווערן, ועלן מיר וויסן...

מיר זײַנען שוין אַ היפּש ביסל עלטער געוואָרן, און מיר ווייסן נאָך אַלץ גאָרנישט.

- ה -
פֿונדעסטוועגן שאַט דאָס ניט אונדזער חבֿר פּיניען, ער זאָל מאַכן אַ לעבן. און נאָך ווי מאַכן אַ לעבן! אונדזער פּיניע איז אויך אַ קאָלעקטאָר. נישט בײַ פֿוירניטשור, נאָר בײַ "אינשורענס". בײַ אונדז ווערט דאָס אָנגערופֿן "סעקוראַנץ", אָדער "פֿאַרזיכערן זיך פֿונעם טויט". דאָ פֿאַרזיכערן זיך אַלע, יונג און אַלט, ווײַבער און קינדער, טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, זיידעס און באָבעס. און אויך נישט פֿאַר מזומן, נאָר אויף אויסצאָלן, פֿון אַ ניקל ביז אַ טאָלער אַ וואָך. וואָס די סומע פֿון די אינשורענס איז גרעסער, דאַרפֿט איר אַלץ מער צאָלן. פֿאַראַן הײַזער אַזעלכע, ווּ אַלע מענטשן, פֿונעם עלטער-זיידן ביזן אוראייניקל, זײַנען אַלע פֿאַרזיכערט פֿונעם טויט. און טאָמער זײַנען נאָך ניט אַלע פֿאַרזיכערט, דאַרף דער קאָלעקטאָר זען דעם ניט-פֿאַרזיכערטן צו פֿאַרזיכערן. וואָס הייסט דאָס "פֿאַרזיכערן" און ווי אַזוי פֿאַרזיכערט מען אַ מענטשן פֿונעם טויט - ווייס איך ניט אַקוראַט. איך ווייס נאָר, אַז מײַן ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם דזשאָב. ער האָט בעסער אויסגעקליבן דעם דזשאָב פֿון פֿוירניטשור. פֿאַר וואָס? ווײַל בײַ פֿוירניטשור קאָלעקטן דאַרף מען נאָר באַנוצן, ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, די ווערטער: "גוד מאָרנינג" און "גוד באַי". און בײַ אינשורענס דאַרף מען ריידן, צוריידן, פֿאַררײדן און איבעררײדן. דערויף איז מסוגל נאָר אונדזער חבֿר פּיניע. ער קאָן איבעררײדן אַ וואַנט. ער קאָן מאַכן ריידנדיק אַ טויטן.

- ו -
בײַ אונדזער חבֿר פּיניע מאַכט ניט אויס, ווער איר זײַט און וואָס איר זײַט. פֿון וואָס איר זאָלט ניט ריידן - ער מוז אַרויף אויף זײַנעם. זײַט איר אַ פֿאַרזיכערטער - מעגט איר דאָך ריידן פֿון פֿאַרזיכערונג. זײַט איר נאָך ניט פֿאַרזיכערט - דאַרפֿט איר דאָך אַוודאי ריידן פֿון פֿאַרזיכערונג. און קוים לאָזט איר זיך ריידן, וועט איר שוין פֿון פּיניעס הענט ניט אַרויסדרייען. ער וועט אײַך שוין פֿאַרזיכערן. און אויב נישט אײַך - איז אײַער ווײַב, אײַער קינד, אײַער זיידן, אײַער שוויגער, אײַער קאָזין * , אײַער שכן (דאָ זאָגט מען ניט "שכן", דאָ זאָגט מען

"נעכסטדאָריקער * "). דאָס הייסט, איר פֿאַרזיכערט זיך, אַז טאָמער שטאַרבט אײַער נעכסטדאָריקער פֿריִער פֿון אײַך, באַקומט איר פֿון דער קאָמפּאַניע אַ שיינע פּאָר הונדערט טאָלער. און דער נעכסטדאָריקער פֿון זײַן זײַט פֿאַרזיכערט זיך אויך. דאָס הייסט, באַם חלילה איר שטאַרבט אַוועק פֿריִער פֿון אים, באַקומט ער פֿון דער קאָמפּאַניע אַ פּאָר הונדערט טאָלער. צאָלן צאָלט איר ביידע דער קאָמפּאַניע צו קוואָדער אַ וואָך. איר זײַט ניט מחויבֿ צו גיין אין דער קאָמפּאַניע, די קאָמפּאַניע טרעפֿט שוין צו אײַך, ניט אַליין - דורך איר קאָלעקטאָר. פֿיניע קומט צו אײַך און קאָלעקטעט-אײַן אײַערע קוואָדערס. ער קריגט דערפֿון פֿופֿצן פּראָצענט קאָמישאָן * .

- ז -

דאָס איז פֿאַרן קאָלעקטן. און אויב ער פֿאַרזיכערט אײַך איבעראַנײַיס, דאָס הייסט, אויב ער "שרײַבט אײַך אַ נײַע פּאָליסי * " (אַזוי גייט דאָ די שפּראַך), באַקומט פֿיניע דער איידזשענט * פֿופֿצן מאָל אַזוי פֿיל. דאָס וועט הייסן, אַז טאָמער צאָלט איר אַ קוואָדער פֿרעמיע, באַקומט דער איידזשענט פֿון דער קאָמפּאַניע אין איין קלאַפּ פֿופֿצן קוואָדערס! אַנו, רעכנט אויס, זײַט מוחל, וויפֿל דאָס מאַכט?! הײַנט שטעלט אײַך פֿאָר, אַז טאָמער גראָט דאָס אונדזער חבֿר פֿיניען צו שרײַבן צוויי, אָדער דרײַ, אָדער מער פּאָליסיס אַ טאָג, און אַלע צו קוואָדערס! דאָס איז דאָך אַ גאַנצער מאַיאָנטיק!...

וויי איז מיר! איר וועט דאָך אָנשיטן אָט די שטוב מיט גאָלד! - אַזוי זאָגט צו אים מײַן שוועגערין ברכה, און טײַבל - ווערט אַזש רויט, קוקנדיק אויף איר פֿיניען, ווי ער שלעפּט די קוואָדערס מיט די ניקלס פֿון אַלע קעשענעס.

וואָס דען מיינט איר? - ענטפֿערט איר פֿיניע און לייגט-צונויף די קוואָדערס באַזונדער און די ניקלס באַזונדער. - - איר מיינט, אַז קאַרנעגי, וואַנדערבילד און ראָקענפֿעלער זײַנען געבוירן געוואָרן מיט זייערע מיליאָנען?...

- ח -

ווו נעם איך איצט אַ ווײַסן בויגן פּאַפּיר? איך וואָלט מיט אַ שוואַרצער קויל אָנגעוואָרפֿן אַזאַ מין בילד: אַ טיש. אויבן-אָן זיצט די מאַמע, צונויפֿגעלייגט די הענט. לעבן איר, פֿון איין זײַט, שטייט ברכה, אַ הויכע, אַ לאַנגע, מיט גרויסע פֿיס. פֿון דער אַנדערער זײַט - טײַבל, אַ קליינינטשקע, אַ דאַרינקע, אַ פֿערטל עוף. ביידע אַרבעטן זיי. איינע נייט, די אַנדערע שטרײַפֿט. בײַ איין עק טיש שטייט מײַן ברודער אליהו, אַ באַוואַקסענער מיט אַ באָרד. האַלט אַ באַנטש * קאַרטלעך אין איין האַנט און אַ פּעקל פּאַפּירענע טאָלערס אין דער צווייטער האַנט. דאָס האָט ער אָנגעקאָלעקטעוועט דורכן טאָג. און בײַם אַנדערן עק טיש שטייט אײַנגעבויגן אונדזער חבֿר פֿיניע, אַ געגאָלטער, אָן עכטער אַמעריקאַנער. ער שלעפּט פֿון ביידע קעשענעס די קוואָדערס מיט די ניקלס. און מחמת ער האָט אַ נידעריקע ראיה, טראָגט ער צו יעדן קוואָדער מיט יעדן ניקל גלײַך צו דער נאָז. אויפֿן טיש שטייען שוין צוויי הויכע קופּקעלעך. איין קופּקעלע איז פֿון סאַמע קוואָדערס, דאָס אַנדערע קופּקעלע איז פֿון לויטער ניקלס. און פֿיניע איז נאָך ניט פֿאַרטיק. ער האָט נאָך און נאָך. דאָס קאָן מען אַרויסזען דורך די הויזן-קעשענעס, וואָס זײַנען פֿול. זײַנען געשוואָלן. זיי ווערן אַזש צעשפּאַרט...

- ט -

נישטאָ קיין אייביקע זאַך אויף דער וועלט, און אַ מענטש איז קיינמאָל ניט צופֿרידן מיט דעם, וואָס ער האָט. עס איז אונדז נימאס געוואָרן דאָס אַרומגיין קאָלעקטן די פֿרעמדע טאָלערס מיט די פֿרעמדע קוואָדערס און ניקלס. בעסער קליינע בולקעלעך אייגענע, איידער גרויסע קוילעטשן פֿרעמדע. אַזוי זאָגט מײַן שוועגערין ברכה. פֿריִער האָט געוואָרפֿן אַן אומחן אויפֿן קאָלעקטן מײַן ברודער אליהו. עס האָבן זיך אים צוגעגעסן די ביזנעס. און ניט אַזוי די ביזנעס, ווי די קאַסטאָמערס. אַנדערע קאַסטאָמערס האָבן אויפֿגעהערט צאָלן. זיי האָבן געזאָגט: "נעמט אײַך צו אײַער פֿוירניטשור, מיר דאַרפֿן עס אויף כּפּרות"... אַנדערע האָבן געהאַט אַ טענה, למאַי די בעט סקריפּעט? למאַי דער שפּיגל באַווײַזט צוויי פּנימער? למאַי די קאָמאָדע וויל זיך ניט עפֿענען און ניט פֿאַרמאַכן? און למאַי יעדער בענקל וועגט דרײַ פֿוד? און אַז מע זעצט זיך אַוועק, איז ווי אויף טשוועקעס!... און אַנדערע ווידער זײַנען זיך מישבֿ און מופֿן * גאָר אַרויס. דאָס הייסט, זיי קלײַבן זיך איבער אויף אַן אַנדער סטריט - און גיי זוך זיי! נאָר ערגער פֿון אַלץ איז אָט וואָס: פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צאָלן וואָך-געלט. אַז זיי האָבן געקאָנט צאָלן, האָבן זיי געצאָלט. איצט קאָנען זיי שוין מער ניט צאָלן. איבער וואָס? דער ברויטגעבער איז קראַנק געוואָרן, אָדער עס איז קיין אַרבעט נישטאָ, אָדער עס האָט אויסגעבראָכן אַ שטרײַק. עס ווילט זיך ניט אָנווערן אַ קאַסטאָמער. וואָס טוט מען? לייגט-אויס אליהו דערווײַל פֿון זײַן פּאָקעט. וואָס זאָלט איר קלערן? ס'איז צרות מיט צרות!...

- י -

מיינט איר, אַז אונדזער חבֿר פֿיניע איז צופֿרידן מיט זײַן דזשאַב? אויך ניט. ביז מע קעטשט אַ קאַסטאָמער, זאָגט ער, קומט אָן כּקריעת-ים-סוף. מע רעדט איבער אים, זאָגט ער, דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט. מע גיט אים צו פֿאַרשטיין, אַזאַ כּאַמולע, דעם שׂכל פֿון אינשורענס, קוים געפֿועלט בײַ אים איין "אַפּליקיישאָן * ". לאָזט זיך אויס, אַז ער האָט אויפֿן צווייטן טאָג חרטה געקראָגן, אָדער דער דאָקטער האָט אים "רעדזשעקטעט * ", דאָס הייסט, ער האָט אָנגעשריבן אויף אים המנס מסירות. דער קאַסטאָמער איז אים ניט געפֿעלן אין שלייער נאַקעטערהייט... נאָר דאָס גרעסטע פֿון אַלע אומגליקן און די ערגסטע פֿון אַלע צרות בײַ

אינשורענס-אייזשענטס איז די "לעפּס * ". "לעפּס" הייסט, אַז אַ קאָסטאָמער הערט אויף צו צאָלן. דעמאָלט רעכנט מען אָפּ דעם אייזשענט פֿופֿצן מאָל אַזוי פֿיל, וויפֿל דעם קאָסטאָמערס פּרעמיע האָט באַטראָפֿן. פֿיניע זאָגט, אַז וועגן ניט די "לעפּסעס", וואָלט ער אָנגעשיט אָט די שטוב מיט גאָלד! און אויף זײַן שלימזל האָבן עטלעכע קאָסטאָמערס מיט אַ מאָל, גלײַך ווי מע האָט זיך אויפֿגערעדט, אויפֿגעהערט צו צאָלן.

לאָזן זיי ברענען אויפֿן פֿײַער, טאַקע די קאָסטאָמערס, מיט די אינשורענס, מיט די אַגענטן, מיט די "לעפּסעס" - און מיט די קאָמפּאַניעס! - אַזוי זאָגט פֿיניע. ער וועט שוין בעסער גיין, זאָגט ער, מיט מײַן ברודער אליהו אין אייגענע ביזנעס. אַ פּאָר טאָלער האָבן זיי ביידע מיט גאָטס הילף אָפּגעשפּאָרט. זיי קאָנען שוין טאָן ביזנעס.

און ס'איז געבליבן, אַז מיר גייען אין ביזנעס.

XV

מיר גייען אין ביזנעס

- א -

וואָס אײַער האַרץ גלוסט - דאָס געפֿינט איר דאָ אין די פּייפּערס, אין די גאַזעטן הייסט דאָס. פֿון פֿויגלמילך. זוכט איר אַרבעט - געפֿינט איר דאָס אין פּייפּער. זוכט איר "הענט", דאָס הייסט אַרבעטער, - געפֿינט איר זיי אין פּייפּער. זוכט איר אַ חתן אָדער אַ כּלה - געפֿינט איר עס אין פּייפּער. זוכט איר אַ ביזנעס - געפֿינט איר עס אין פּייפּער. מיר האָבן געזוכט ביזנעס, דעריבער האָבן מיר גענומען אַרײַנקוקן אין פּייפּער אַרײַן טאָג אויף טאָג, און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַזאַ מין אַדווערטײַזמענט * :

"סיגאַרס-סטיישיאָנערי-קענדי-סאָדע-וואַסער-סטענד * צו פֿאַרקויפֿן. אַקעגן איבער אַ סקול. אורזאַכע פֿאַמיליען-טראָבל * . גאַראַנטירט גוטע ביזנעס. קומט שנעל!"...

אויב איר זײַט נאָך אַ גרינער, דאָס הייסט, איר זײַט ניט לאַנג אין לאַנד, באַדאַרף מען אײַך פֿאַרטײַטשן וואָס דאָס מיינט: דאָס איז אַ טישל, וואָס מע פֿאַרקויפֿט דערויף סיגאַרעטלעך, שרײַבגעצײַג און צוקערקעס און סאָדע-וואַסער, און אַ בלאַט-צײַטונג אויך. דאָס טישל איז אַקעגן אַ שקאָלע. און פֿאַרקויפֿן פֿאַרקויפֿט זיך עס איבער דעם, וואָס אַ מאַן דאַרף זיך גטן מיט אַ ווײַב, אָדער איבער אַן אַנדער סיבה אין דער פֿאַמיליע...

- ב -

האָט זיך אַפֿילו מײַן ברודער אליהוס ווײַב ברכה אַוועקגעשטעלט אַקעגן מיט אירע טענות: ערשטנס, פֿון וואַנען וויס מען, אַז דאָס איז אמת? און צווייטנס, צו וואָס זאָלן מיר קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט אַרײַן? אַז מאַן און ווײַב ווילן זיך גטן - וואָס דאַרפֿן מיר זײַן אינמיטן?... מיינט איר, אַז נאָר דאָ האָט אונדזער ברכה געפֿונען אַ טענה? בײַ הונדערט אַנדערע ביזנעס האָט זי אויסגעזוכט אומעטום אַן אַנדער חסרון. מײַן ברודער אליהו האָט שוין לאַנג אַ מאַך געגעבן אויף איר מיט דער האַנט. האָט ער אָבער ניט גוט אָפּגעשניטן פֿון איר. זי האָט אים געגעבן צו וויסן, אַז ער זאָל גאָר ניט זײַן בײַ זיך אַזוי געדולדיק. אַז ער זאָל ניט מיינען, אַז דאָס, וואָס ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דרײַ חלקים פֿון זײַן באָרד, גיט אים דאָס רעכט צו בלאָזן פֿון זיך... דערויף האָט איר אליהו געענטפֿערט, למאַי איר טאַטע יונה דער בעקער האָט אַראָפּגענומען די גאַנצע באָרד?... מישט זיך אַרײַן אונדזער חבֿר פֿיניע און זאָגט: "ווייסט איר וואָס? איך גיי מיט אײַך אין געוועט צוויי קעגן איינס, אַז אויב איר וועט געפֿינען צווישן די הונדערט מיליאָן אַמעריקאַנער אַ האַלב טוץ מענטשן מיט בערד, זאָלט איר מיך אָנרופֿן בלאָפֿער!" - "ס'אַ משל! - רופֿט זיך אָן די מאַמע. - דערימאַך גייען קאַטשקעס באָרוועס... רעדט שוין בעסער פֿון אַנדערע זאַכן"...

מײַן מאַמע האָט פֿײַנט, אַז מע רעדט פֿון בערד. ס'איז גענוג פֿאַר איר, זאָגט זי, אַז זי האָט דערלעבט צו זען, אַז פּייסי דעם חזנס זון האָט געמאַכט אַ מחק פֿון זײַן באָרד, אַז אָך און ווי איז צו אירע שונאים!...

- ג -

די ביזנעס, וואָס מיר זײַנען אין זיי געגאַנגען, האָבן געהאַט אַ סך מעלות. די ערשטע מעלה איז געווען, וואָס מײַן ברודער אליהו איז, אויב איר געדענקט, נאָך פֿון דער היים אַ מײַסטער אויף צו מאַכן (דאָ הייסט עס מאַנופֿעקטשורן * ) אַלערליי געטראַנקען. דעריבער האָט זיך אונדז געלוינט צו מאַנופֿעקטשורן סאָדע-וואַסער און פֿאַרקויפֿן אַ גרויסע גלאָז פֿאַר אַ סענט. מיט סיראָפּ - צוויי סענט. דעם סיראָפּ האָבן מיר אויך אַליין געמאַכט. נאָך אַ מעלה - וואָס מיר האָבן געהאַט די ביליקסטע קענדיס * (קאָנפֿעקטן). אַ פֿולע זשמעניע האָבן מיר געגעבן פֿאַר איין סענט. און אַליין האָבן מיר אויך געקאָנט סמאַצקען קענדיס. אַז איך זאָג "מיר", מיין איך דאָס מיך און מײַן חבֿר מענדל און פֿיניען. מיר אַלע דרײַ האָבן געהאָלפֿן שטיין בײַ אונדזער סטענד געבן אַ נאַש, אַז קיינער זאָל ניט זען. סײַדן אַז ברכה איז געווען דערבײַ, האָט מען ניט געקאָנט נאַשן. און ווי אויף צו-להכעיס, איז ברכה געווען כּמעט גאַנצע טעג בײַם סטענד, געהאָלפֿן טאָן ביזנעס. אַלע האָבן מיר געהאָלפֿן טאָן ביזנעס. אַפֿילו טײַבל, און אַפֿילו די מאַמע. אַ קונה, אַז ער איז צוגעגאַנגען צו אונדזער סטענד, האָט ער זיך אַזש דערשראָקן, דערזעענדיק אַזאַ משפּחה מיט אַזוי פֿיל ביזנעסלײַט. דאָס איז אָבער דווקא געווען זייער גוט. אַ קונה האָט ליב קריכן אַהין, וווּ ס'איז ענג.

- ד -
די בעסטע צײַט פֿאַר אונדזערע ביזנעס איז זומער, אין די הייסע טעג. זומער איז אין ניו-יאָרק אַן אמתער גיהנום. דער עולם קוויקט זיך דעם גאַנצן טאָג מיט מאַראָזשענע. "אײַז-קרים" הייסט עס דאָ. אויפֿן סענדוויטש פֿאַרקויפֿט זיך עס. דאָס הייסט, צוויי ביסקוויטלעך און אין מיטן אַביסל אײַז-קרים. און דאָס קאָסט אַ פּעני. פֿאַרדינען מיר דערבײַ האַלב אויף האַלב. נאָר ניט דאָ שטעקט אונדזער פֿאַרדינסט. די גאַנצע מזל-ברכה ליגט גאָר ערגעץ אַנדערש. אין אַזאַ מין קאַלטן געטראַנק, וואָס מע רופֿט דאָס "סײַדער * ". דאָס איז אַ מין זויער-זיסלעכער, אָדער זיסלעך-זויערער קוואַס מיט אַ שוים און סע שטשיפּעט בײַ דער צונג. די, וואָס האָבן אַמאָל פֿאַרזוכט שאַמפּאַניער-ווײַן, זאָגן, אַז ס'האָט אַ טעם פֿון אמתן שאַמפּאַניער. און כאָטש "סײַדער" איז אַן אַמעריקאַנער געטראַנק, פֿונדעסטוועגן ווער מאַנופֿעקטשורט אים? - מײַן ברודער אליהו. וואָס קען דען אליהו ניט? קוקט ניט דערויף, וואָס פּיניע מאַכט אים אויסצודרייען. אונדזער חבֿר פּיניע האָט שוין עטלעכע מאָל פֿירגעהאַלטן מײַן ברודער אליהו, אַז זײַן שאַמפּאַניער האָט נאָר איין מעלה - ער איז קאַלט. ווײַטער טויג ער אויף כּפּרות. קיין קאַפּ זיסקייט! ענטפֿערט אים מײַן ברודער אָפּ מיט אַ ווידעראַנאַנד: וויבאַלד אַז דער שאַמפּאַניער טויג ניט, היינט וואָס זשליאָקעט ער אים אַ גאַנצע טעג? זאָגט אים פּיניע: "וואָס אַרט דיך, אַז איך זשליאָקע? און וויפֿל קאָן אַ מענטש אָנזשליאָקען? איך זאָל זשליאָקען פֿון גאַנץ פֿרי ביז אויף דער נאַכט, ווייס איך ניט, אויב איך וועל אָנזשליאָקען אויף אַ ניקל"... מישט זיך אַרײַן ברכה און זאָגט, אַז אַ ניקל גייט אויך ניט צופֿוס. שטעלט זיך אײַן טײַבל פֿאַר איר מאַן און זאָגט, אַז איר פּיניע איז אַ גלײַכער שותּף צו די ביזנעס, ווי אליהו, און אַ שותּף מעג זיך, דאַכט זיך, פֿאַרגינען אויסצוגעבן אַמאָל אַ ניקל? אַ גליק, וואָס די מאַמע איז דערבײַ. זאָגט זי, מע זאָל זי גילטן, וואָלט זי פֿאַר אירע זינד ניט געוואָלט זיך צורירן צו אָט דער אַמעריקאַנער משקה, וואָס האָט אַ פּנים פֿון סאָראָוועץ און אַ טעם פֿון חלשות!... ווערט אַ געלעכטער, און דערווײַל הערט מען אויף מען צו זאָגן זיך שטעכווערטלעך.

- ה -
שפּעטער, העט-העט, אין ווײַטן זומער, אַז עס קומען אויף די קאַוועס (דאָ הייסט עס "וואָטער-מעלאָן * "), מאַכן מיר נאָך מער ביזנעס. מיר צעשנײַדן דעם קאַוון אויף אַ סך שטיקלעך און פֿאַרקויפֿן צו סענט אַ שטיקל. אַז גאָט העלפֿט אַ געראָטענעם קאַוון, מאַכט מען פֿון אים גאָלד. און עס בלײַבט נאָך איבער אַ פּאָר שטיקלעך אויפֿן סטענד. האָבן מיר אַ גוטע וועטשערע. וואָרעם אָנגעשניטענע קאַוונע טאָר מען ניט לאָזן אויף מאָרגן. ס'וועט פֿון דעם ווערן דריליעס. בעטן מיר גאָט, דאָס הייסט, איך און מײַן חבֿר מענדל און פּיניע, ס'זאָל בלײַבן וואָס מער שטיקלעך פֿונעם טאָג...

- ו -
דאָס איז אָבער אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן אויף זיך אַ צײַט, אַ סיזען * . גייט אַוועק דער זומער - איז אויס שאַמפּאַניער, אויס וואָטער-מעלאָן! דערפֿאַר איז סיגאַרעטלעך אַ סחורה, וואָס ווייס ניט פֿון קיין סיזען. סיגאַרעטלעך גייען אַ גאַנץ קײַלעכיקן יאָר. און מיר מאַכן מיט דעם גאַנץ גוטע ביזנעס. פֿאַראַן אַלערליי סיגאַרעטן. פֿאַראַן צו סענט אַ שטיק. און פֿאַראַן צוויי שטיק פֿאַר אַ סענט. סיגאַרעטן איז אויך אַזאַ אַרטיקל, וואָס מע קאָן אַמאָל אַ נאַש טאָן, פֿאַררייכערן אַ סיגאַרעטל בסוד, קיינער זאָל ניט זען. דאָ זאָגט מען ניט רייכערן, דאָ זאָגט מען "סמוקען * ". באַדאַרף זיך טרעפֿן אַ מעשׂה - איך האָב איינמאָל אַוועקגעשלעפּט אַ סיגאַרעטל, און מיר האָבן דאָס פֿאַררייכערט. איך און מײַן חבֿר מענדל. איך אַ ציִ, ער אַ ציִ. און עס וואָלט אָפּגעלאָפֿן גלאַט. איז דאָך אָבער דאָ אַ ברכה אויף דער וועלט. האָט זי באַדאַרפֿט דערשמעקן, אַז מיר סמוקען אַ סיגאַרעטל. גייט זי און דערציילט דאָס אליהון. האָט מיר מײַן ברודער געגעבן אַ סיגאַרעטל - אַז איך וועל דאָס געדענקען! אים האָט שוין ניט אַזוי געאַרט דאָס סיגאַרעטל, ווי דאָס, וואָס ס'איז געווען שבת. פּייסי דעם חזנס ייִנגל זאָל רייכערן אום שבת - באַדאַרף מען אים הרגענען! פֿאַר אַזאַ זאַך האָט שוין אַפֿילו די מאַמע צוגעגעבן, אַז דער הונט איז ווערט דעם שטעקן... פֿון דעמאָלט אָן סמוקען מיר שוין ניט קיין סיגאַרעטן. איך קאָן שוין גאָר אַפֿילו דעם ריח ניט פֿאַרטראָגן...

- ז -
אויסער סיגאַרעטן האָבן מיר אויף אונדזער סטענד פּייפּערס צו פֿאַרקויפֿן, ייִדישע גאַזעטן און זשורנאַלן. קיין גרויסע ביזנעס מאַכן מיר ניט מיט זיי, דערפֿאַר האָט אָבער אונדזער חבֿר פּיניע וואָס צו לייענען. ער לאָזט ניט דורך איין פּייפּער. שטעקט ער אַרײַן די נאָז, איז אים שווער אָפּצורײַסן. עס ציט אים, זאָגט ער, צו די פּייפּערס, ווי אַ מאַגנעט. ער האָט שטאַרק חשק אַליין עפּעס אַרײַנשרײַבן אין די פּייפּערס. ער איז שוין געווען אויף איסט-בראָדוויי, דאָרט ווו די פּייפּערס דרוקן זיך, עטלעכע מאָל. וואָס ער האָט דאָרטן געטאָן - זאָגט ער ניט. איך האָב מורא, אַז ער האָט געבראַכט צו טראָגן אַהינצוצו אַ פּאָר פֿון זײַנע לידלעך. מחמת אַז מע ברענגט דעם באָנטש * מיט פּייפּערס, כאַפּט זיך צו דעם פֿריִער פֿון אַלעמען אונדזער חבֿר פּיניע. ער זוכט און נישטערט אין אַלע ווינקעלעך, די הענט ציטערן אים אַזש. דערנאָך כאַפּט ער זיך אויף און לאָזט זיך לויפֿן אויף איסט-בראָדוויי. פֿרעגט אים מײַן ברודער אליהו: וואָס האָט ער צו טאָן אויף איסט-בראָדוויי? זאָגט אים פּיניע, אַז ער זוכט אַ ביזנעס. פֿרעגט אים אליהו: מיר טוען דען ניט קיין ביזנעס? ענטפֿערט אים פּיניע: אָט דאָס הייסט אויך אַ ביזנעס? אַ גאַנצע משפּחה פֿון זיבן עסערס אויף איין שטיקל סטענד - אויך מיר אַ ביזנעס!... פֿרעגט אים אליהו:

וואָסערע זיבן עסערס? רעכנט אים פּיניע אויס אויף די פֿינגער: ער און זײַן טײַבל איז ניט צוויי. אליהו און זײַן ברכה איז ניט פֿיר. די מאַמע איז ניט פֿינף. און ביידע קטנתּיס - איז ניט זיבן. די "קטנתּיס" - דאָס מיינט ער מיך און מײַן חבֿר מענדל.

- ח -

פֿאַרדריסט עס מײַן מאַמען. זי שטעלט זיך אײַן פֿאַר מיר און פֿאַר מײַן חבֿר מענדל. זי זאָגט, אַז מיר פֿאַרדינען אונדזער שטיקל ברויט גאַנץ כּשר. וואָרעם פֿאַרטאָג, איידער דער סטענד ווערט געעפֿנט, צעטראָגן מיר שוין דעם מאָרגן-פּייפּער צו אונדזערע קאָסטאָמערס. דערנאָך גייען מיר אין סקול (יאָ, מיר גייען שוין אין סקול). און אַז מיר קומען פֿון סקול, העלפֿן מיר אַטענדן * די ביזנעס. אַזוי, טאַקע מיט דעם לשון, זאָגט די מאַמע. זי רעדט שוין אויך העכער האַלב אויפֿן היגן לשון. אַ "קיך" און אַ "הון" זאָגט זי שוין ניט. זי זאָגט שוין אַ "טשיקען * " און אַ "קיטשען". נאָר וואָס דען? בײַ איר קומט נאָך אויס פֿאַרקערט: אַ "קיך" איז בײַ איר אַ "טשיקען". און אַ "הון" איז בײַ איר אַ "קיטשען". "איך גיי, זאָגט זי, אין טשיקען אויסזאַלצן די קיטשען"... לאַכט מען פֿון איר. לאַכט זי אויך. "אַ דאגה - זאָגט זי - יאַק ריידעלע טאָ ריידעלע, אַבי דאָברע מיינעלע * "... אַנו, זײַט אַ בריה און זעצט דאָס איבער אויף ענגליש!...

XVI

העללאָו * , לאַנדסמאַן!

- א -

לויפֿן מיר איינמאָל פֿאַרטאָג, איך און מײַן חבֿר מענדל, מיט די פֿרישינקע פּייפּערס צו אונדזערע קאָסטאָמערס. פּלוצעם דערפֿיל איך אַ זעץ פֿון הינטן אין פּלייצע און איך הער עמעצער רופֿט אויס:

- העללאָו, לאַנדסמאַן!

דריי איך מיך אום און טו אַ קוק - ס'איז מאָטל! "מאָטל דער גרויסער". דאָס איז דער מאָטל, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט מיט אונדז אַמאָל איבער דער וועלט. אין קראָקע מיט לעמבעריק, אין ווין און אין אַנטווערפּן. אויב איר געדענקט, האָט ער מיך אויסגעלערנט שטעלן אַ גובערנאַטאָר אין זײַט אַרײַן און איז געווען אַ בויכרעדער. ער איז אַוועק מיט דער כאַליאַסטרע אַ סך פֿריִער פֿון אונדז. אַז מיר האָבן זיך נאָך אַרומגעבלאָנקעט איבערן לאָנדאָנער ווײַטשעפּעל, איז ער שוין געווען דאָ אין אַמעריקע אָללרײַט. דאָס הייסט, ער האָט שוין געהאַט אַ דזשאַב אין אַ קלינינג-סטאָר * , און ער האַלט נאָך איצט אויך אָן דעם דזשאַב. פֿרעג איך אים: "וואָס איז דאָס פֿאַר אַ דזשאַב?" דערקלערט ער מיר, גייענדיק, אַז דאָס איז אַ מין קלינינג-פֿעקטאָרי, ווו מען רייניקט מלבושים. דהײַנו, ווי אַזוי? מע נעמט אַרײַן, זאָגט ער, אַ פּאָר צעקנייטשטע תּחתּונים אין אַזאַ מאַשין צווישן צוויי פּרעספּליגלען. דורך אַ באַזונדער אייוועלע ווערן די פּרעספּליגלען גוט אָנגעוואַרעמט. אַ מענטש טוט אַ דריי - אויסגעפּרעסט אַ פּאָר הויזן!

- ב -

- און וואָס איז אײַער דזשאַב? - פֿרעגט מאָטל דער גרויסער בײַ מיר און מײַן חבֿר מענדל.

- מיר דעליווערן * , זאָג איך, ניוס-פּייפּערס * . מיר צעטראָגן, זאָג איך, צעײַטונגען צו אונדזערע קאָסטאָמערס, איידער מיר גייען אין סקול. און אַז מיר קומען, זאָג איך, פֿון סקול, העלפֿן מיר אַטענדן * די ביזנעס. מיר האַלטן, זאָג איך, אַ סטענד אויפֿן קאָרנער * , און מיר מאַכן אַ לעבן...

- אָהאָ! - זאָגט מאָטל דער גרויסער. - דו רעדסט שוין נישקשהדיק ענגליש. וויפֿל מאַכט איר, זאָגט ער, אַ וואָך, אַזעלכע צוויי ביזנעסלײַט, ווי איר?

- אין דורכשניט, אַרום און אַרום, - זאָג איך - קאָנען מיר אויסשלאָגן אַ טאָלער אַ וואָך. און אַמאָל אַ טאָלער און אַ קוואָדער...

- און דאַטס אָלל * ? - רופֿט זיך אָן מאָטל דער גרויסער מיט גדלות. - איך פֿאַרדין אַליין דרײַ טאָלער אַ וואָך... וואָס איז די ניים * פֿון דעם דאָזיקן דזשענטעלמען? - מאַכט מאָטל און ווײַזט אָן אויף מײַן חבֿר. זאָג איך, אַז ער הייסט מענדל. צעלאַכט זיך מאָטל און זאָגט, אַז מענדל איז פֿע! וואָס פֿאַר אַ נאָמען מענדל? "ווי אַזוי זשע דען, פֿרעג איך אים, זאָל ער הייסן?"... פֿאַרטראַכט זיך מאָטל אויף אַ ווײַלע און זאָגט, אַז ער וואָלט באַדאַרפֿט בעסער הייסן מײַק * , ניט מענדל. מײַק איז שענער. זאָג איך: "ווי אַזוי זשע רופֿט מען דיך?" זאָגט ער: "מעקס * ". זאָג איך: "וויבאַלד אַזוי, דאַרף איך דאָך אויך הייסן מעקס. איך הייס דאָך אויך מאָטל". זאָגט ער: "שור הייסטו מעקס". און ער געזעגנט זיך אָפּ מיט אונדז:

- גוד באַי * , מעקס! גוד באַי, מײַק!

און מיר ריידן אָפּ, אַז נעקסטן זונטיק זעען מיר זיך אין מווינג-פּיקטשורס. מיר גיבן זיך איינס דאָס אַנדערע די אַדרייסים און מיר צעגייען זיך איטלעכער אין זײַן וועג אַרײַן.

- ג -
זונטיק נאָך דינער גייען מיר, איך און מײַן חבֿר מײַק, וואָס האָט ניט לאַנג געהייסן מענדל, אין מווינג-פּיקטשורס זען דעם גרויסן מווינג-סטאַר טשאַרלי טשאַפּלין * . מײַן ברודער אליהו און אונדזער חבֿר פּיניע גייען אויך מיט אונדז. דעם גאַנצן וועג ריידן זיי וועגן טשאַרלי טשאַפּלין. וואָס פֿאַר אַ גרויסער מענטש ער איז, וויפֿל ער קריגט באַצאָלט, און אַז ער איז אַ ייִד. נאָר אַזוי ווי די צוויי קאָנען זיך קיינמאָל ניט אויסגלײַכן מיט די מיינונגען, וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר, פֿרעגט מײַן ברודער אליהו: מיט וואָס איז טשאַרלי טשאַפּלין אַזוי גרויס? ענטפֿערט אים פּיניע, אַז טויזנט טאָלער אַ וואָך צאָלט מען ניט גלאַט אַבי וועמען... פֿרעגט אים אליהו: פֿון וואַנען ווייס ער? ער האָט געציילט זײַן געלט? זאָגט אים פּיניע, אַז ער האָט געלייענט אין די פּייפּערס. און פֿון וואַנען ווייס מען, אַז טשאַרלי טשאַפּלין איז אַ ייִד? זאָגט אים פּיניע, אַז סע שטייט אַזוי אין די פּייפּערס. פֿרעגט אים ווידער אליהו: פֿון וואַנען ווייסן דאָס די פּייפּערס? זיי זײַנען געווען אויף זײַן ברית? זאָגט אים פּיניע: די פּייפּערס ווייסן אַלץ. למאַי פֿון וואַנען ווייס מען, אַז טשאַרלי טשאַפּלין איז אַ שטומער פֿון געבוירן? און אַז ער קאָן ניט שרײַבן, ניט לייענען? און אַז זײַן טאַטע איז געווען אַ שיכּור? און אַז אַליין איז ער געווען אַ קלאָון * אין אַ צירק? הערט אים אויס אליהו און זאָגט מיט אַ קאַלטן לונג-און-לעבער: "און אפֿשר איז די גאַנצע מעשׂה אַ ליגן?"... ווערט פּיניע אָנגעצונדן און זאָגט אויף מײַן ברודער, אַז ער איז אַ ייִד אַ נודניק... און איך האַלט מיט פּיניען. כאָטש אליהו קער מיר אָן אַ לײַבלעכער ברודער, נאָר אַ נודניק איז ער. וואָס אמת איז אמת...

- ד -
מיר זײַנען נאָר-וואָס צוגעגאַנגען צו דער קאַסע קויפֿן טיקעטס * , דערהערן מיר אַ קול:

- האַו אַר יו, מײַק? האַו דו יו דו, מעקס? *

דאָס איז געווען מאָטל דער גרויסער, וואָס זײַן נאָמען איז שוין ניט מאָטל, נאָר מעקס.

- קויפֿט ניט קיין טיקעטס, - זאָגט אונדז מעקס - איך טריט אײַך הײַנט מיט טיקעטס... דאָס הייסט, ער נעמט אונדז אויף זײַנע הוצאָות. און ער ציט אַרויס פֿון קעשענע אַ האַלבן טאָלער און טוט אים אַ וואָרף דעם מיידל, וואָס זיצט בײַם פֿענצטערל, און הייסט זיך געבן דרײַ טיקעטס אַפּסטערז * , דאָס הייסט, פֿון אויבן, אויף דער גאַלעריע.

- ווער איז דער שלימזל? - פֿרעגט אליהו בײַ אונדז. דערציילן מיר אים, ווער דאָס איז. באַטראַכט אים אליהו פֿון אויבן ביז אַראָפּ און פֿרעגט אים, פֿאַרוואָס גיט ער אים ניט אָפּ קיין שלום-עליכם?

- צי דו ביסט שוין געוואָרן אַזוי גרויס אין אַמעריקע, אַז עס שטייט דיר שוין ניט אָן צו ריידן אַ ייִדיש וואָרט?...

ענטפֿערט אים ניט מאָטל דער גרויסער, דאָס הייסט מעקס, קיין וואָרט אַפֿילו. נאָר עס דערהערט זיך אַ קוויטש פֿון דער דרויסן-טיר, ווי עמעצער וואָלט אַרײַנגערעדט פֿון דער סטריט:

- אידיאָט!

מיר אַלע דרייען אויס די פּנימער צו דער טיר און מיר זעען קיינעם ניט. מיר באַטראַכטן זיך איינס דאָס אַנדערע פֿאַרוווּנדערט. טוט זיך אַ וואָרף צו דער טיר פֿריִער אליהו, און נאָך אים פּיניע - ניטאָ קיינער בײַ דער טיר. זיי קוקן אויף דער סטעליע, זיי באַזוכן אַלע ווינקעלעך - ניטאָ קיין נפֿש. ווער קאָן דאָס זײַן? דער חבֿרה-מאַן מאָטל, וואָס הייסט שוין מעקס, נעמט אונדז, מיך און מײַן חבֿר מענדל אָדער מײַק, פֿאַר די הענט. און אַלע דרײַ קלעטערן מיר אַרויף אַפּסטערז. דאָרטן זאָגט ער אונדז אויס דעם סוד, אַז דאָס האָט ער, מעקס, דורכן בויך אַרויסגערעדט דאָס וואָרט "אידיאָט". און ער חזרט דאָס איבער גייענדיק נאָכאַמאָל. און עס פֿאַלט אָן אויף אונדז ביידן אַזאַ געלעכטער, אַז קוים וואָס מיר קאָנען דערנאָך אײַנזיצן און זען די קונצן פֿון טשאַרלי טשאַפּלין.

- ה -
זײַט איר לעבט האָט איר נאָך אַזאַ פֿאַרשלעפּטע קרענק ניט געזען, ווי מאָטל דער גרויסער, אָדער מעקס. דאַכט זיך, מע באַדאַרף ניט האָבן קיין גרעסערן קונצנמאַכער, ווי טשאַרלי טשאַפּלין, מאַכט אים נאָך מעקס מיט אַלע פּישטשעווקעס. אַרויסגייענדיק פֿון טעאַטער, איז זיך מישבֿ מעקס און קלעפּט זיך אָן אַ פּאָר קורצע שוואַרצע וואָנצעלעך, ווי בײַ טשאַרלי טשאַפּלין. דאָס קאַפּעליושל האָט ער אָנגערוקט, ווי טשאַרלי טשאַפּלין. די פֿיס אויסגעדרייט, ווי טשאַרלי טשאַפּלין. און דאָס גענגעלע מיטן דרייען פֿונעם הינטן, מיטן מאַכן פֿונעם שטעקעלע - צוויי טראָפּן וואַסער טשאַרלי טשאַפּלין! מײַן חבֿר מענדל, אָדער מײַק, האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן. ער האָט אים אַרומגעכאַפּט קושן. און אַלע מענטשן, וואָס זײַנען געשטאַנען בײַם טעאַטער אין דרויסן, האָבן אונדז

נאָכגעטייַט מיט די פֿינגער: "אָן גייט דער צווייטער טשאַרלי טשאַפּלין"... איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן, אַז אַפֿילו אַזאַ ערנסטער מאַן, ווי מייַן ברודער אליהו, האָט זיך געהאַלטן בייַ די זייַטן לאַכנדיק. מייַן ברודער אליהו האָט אָבער לאַנג ניט געלאַכט. אין איין מינוט איז אים פֿאַרשטערט געוואָרן דאָס געלעכטער. וואָס איז די מעשׂה? די מעשׂה איז, וואָס פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קול, ווי פֿון אונטער דער ערד אַרויס, עפּעס ווי פֿון אַ קעלער:

- אי-די-יאָט!

- ו -
און אַלע האָבן זיך אָנגעבויגן, אַרייַנגעקוקט אין קעלער אַרייַן, וועלכן מיר זייַנען פֿאַרבייַגעגאַנגען. אַלע האָבן מיר זיך איינגעהערט. מעקס האָט זיך אויך אייַנגעהערט גלייַך מיט אַלעמען, גלייַך ווי ער ווייס ניט פֿון וואָס צו זאָגן... און פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קול, שוין ניט פֿון הינטן, נאָר פֿון אויבן, עפּעס ווי פֿונעם דאַך אַראָפּ:

- אי-די-יאָט!!...

פֿריִער אליהו און דערנאָך אַלע האָבן פֿאַרריסן די קעפּ אַרויף, אויפֿן דאַך. מעקס האָט אויך געקוקט אַרויף. און דאָס האָט געהאַט דעם זיבעטן חן. איך און מייַן חבֿר מייַק, וואָס האָבן געוווּסט, פֿון וואַנען די קולות גייען, האָבן זיך ניט געקאָנט אייַנהאַלטן און האָבן מיטאַמאָל אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

- ז -
דאָס האָט שוין מייַן ברודער אליהו פֿאַרדראָסן. ווען דאָס זאָל ניט זייַן אין ניו-יאָרק אויף דער סטריט, וואָלט מיר שוין אַרייַנגעפֿלויגן אַ פֿייַנע פּאָר פּעטש אין ביידע באַקן. מייַנע אויערן וואָלטן זיך אויך ניט געגאַרט. נאָר אַזוי ווי דאָס איז געווען אין מיטן ניו-יאָרק אויף דער סטריט, האָט זיך אליהו באַגנוגנט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אונדז ביידע גוט אויסגעשאָלטן, מיך און מייַן חבֿר מייַק. און נאָכדעם האָט ער גענומען אונדז זאָגן מוסר. ער האָט אונדז אָנגעוויזן אויף מאָטל דעם גרויסן, דאָס הייסט - אויף מעקסן.

- נעמט אייַך אַראָפּ אַ מוסר, - האָט אונדז אליהו געזייפֿט די פּנימער, - לערנט זיך פֿון אייַערס אַ חבֿר... אַ בחורל גלייַך מיט אייַך, פֿאַרוואָס לאַכט ער ניט אַזוי, ווי איר?...

- אי-די-יאָט! - האָט זיך דערהערט ווידעראַמאָל הינטער אליהוס פּלייצעס. אליהו האָט זיך אויסגעדרייט צוריק. אויף אים קוקנדיק, האָט זיך אויסגעדרייט אונדזער חבֿר פּיניע. און מיר אַלע נאָך אים. און מעקס האָט זיך אויך געגעבן אַ דריי אויס צוריק. איך און מייַק זייַנען שיִער ניט צעזעצט געוואָרן פֿאַר געלעכטער.

- ח -
"אין אַמעריקע ריידן די שטיינער"... אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט אונדזער חבֿר פּיניע. ער וואָלט נאָך אַ בעלן געווען וויסן, ווּעמען רופֿט מען דאָס "אידיאָט"? רופֿט זיך אָן מייַן ברודער אליהו:

- ווער עס פֿרעגט, דער איז עס...

ווי דערשטוינט איז ער אָבער געוואָרן, אַז פֿון אונטער דער ערד האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ פֿאַרדומפּט קול:

- איר האָט אַ טעות, רב אליהו! ביקאָז * דאָס זייַט איר אַליין טאַקע דער אי-די-יאָט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
- ט -
פֿון דעמאָלט אָן גייט שוין מער ניט מייַן ברודער אליהו אין די מוווינג-פּיקטשורס און וויל ניט הערן פֿון טשאַרלי טשאַפּלין.

XVII
מיר גייען פֿאַרגרעסערן די ביזנעס
- א -
אין אַמעריקע האָט מען פֿייַנט שטיין אויף איין אָרט. אין אַמעריקע גייט מען פֿאָרווערטס. דאָס הייסט, מע וואַקסט, מע ווערט וואָס אַ טאָג גרעסער... די ביזנעס, וואָס מיר האָבן געמאַכט אויף אונדזער סטענד, האָבן ניט געטראָגן אויף אויסצוהאַלטן אַ משפּחה פֿון, קיין עין-הרע, זיבן פֿאַרשוין. האָבן מיר גענומען זוכן אַ גרעסערע ביזנעס. שוין ניט קיין סטענד, קיין טישל הייסט דאָס. אין אַמעריקע באַדאַרף מען לאַנג ניט זוכן. מע דאַרף נאָר נאָכקוקן, ווי איך האָב אייַך שוין דערציילט, אין די פּייפּערס. דאָרט געפֿינט איר וואָס אייַער האַרץ גלוסט. טאַקע פֿון פֿויגלמילך. דער חסרון איז, וואָס פֿאַר אַן אייַנגעפֿירטע ביזנעס הייסט מען זיך גוט באַצאָלן. אַ נאָמען קאָסט געלט. פֿאַר דער פֿירמע באַדאַרף מען אַמאָל מער באַצאָלן, ווי פֿאַר דער סחורה. אַ סימן האָט איר, אַז אַפֿילו

אונדזער סטענד, וואָס האָט אונדז אַרײַנגעבראַכט קוים צען טאָלער אַ וואָך, האָבן מיר אויך פֿאַרקויפֿט פֿאַר גוט
געלט - נאָר צוליב דער פֿירמע. אַ גרינהאָרן האָט דאָס בײַ אונדז אָפּגעקויפֿט. ער האָט זיך אַפֿילו ניט שטאַרק
נאָכגעפֿרעגט בײַ אונדז, וויפֿל מיר מאַכן. אים איז געווען גענוג צו זען, אַז זיבן נפֿשות דרייען זיך אַרום איין
סטענד און מאַכן אַ לעבן. מסתּמא איז דאָס אַ "ביזנעס"...

- ב -

דעם סטענד האָבן מיר פֿאַרקויפֿט מיט דער גאַנצער סחורה, מיט די בעסקעטס * , מיט די כּלים און אַפֿילו מיט
דער שאָו-קייס * . נאָר דעם סוד, ווי אַזוי מע מאַנופֿעקטשורט סאָדע-וואַסער, אַלערליי סיראָפּן, און,
איבערהויפּט, ווי אַזוי מע מאַכט דעם געטראַנק, וואָס מע רופֿט אים "סײַדער * " - דאָס האָט מײַן ברודער אליהו
ניט געוואָלט אויסזאָגן פֿאַר קיין געלט ניט. ער האָט געזאָגט, אַז איטלעכער מאַנופֿעקטשורט דאָס, ווי ער
פֿאַרשטייט. למאַי ער מאַנופֿעקטשורט ווײַן אויף פּסח? מײַן ברודער אליהוס פּסחדיקער ווײַן האָט אַ שם אין
אַמעריקע. קוקט ניט דערויף, וואָס ער מאַנופֿעקטשורט אים ערשט דאָס ערשטע יאָר. אַלע אונדזערע
באַקאַנטע, וואָס דאַוונען מיט אונדז אין אונדזער כּתרילעווקער שול, האָבן אונדז צוגעזאָגט, אַז ווײַן אויף
פּסח וועלן זיי ניט נעמען אין ערגעץ, נאָר בײַ אונדז. אונדזער חבֿר פּיניע האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג און
צעפּויקט איבער ניו-יאָרק, אַז מײַן ברודער אליהו מאַנופֿעקטשורט פּסחיקן ווײַן - מעג אים טרינקען דער
פּרעזידענט. אויף צו פּויקן איז אונדזער פּיניע אַ מזיק. דאָ ווערט דאָס אָנגערופֿן: "אַדווערטײַזן * ". פּיניע זאָגט, אַז
דערויף, דאָס הייסט אויף אַדווערטײַזמענטס * , שטייט אַמעריקע. איטלעכער סוחר מעג לויבן זײַן סחורה.
יעדער אַרבעטער מעג אַדווערטײַזן זײַן מלאָכה. די גאַנצע וועלט מעג וויסן, אַז מײַן געטראַנק איז זויער-עסיק.
נאָר איך מעג מיר אַדווערטײַזן, אַז ס'איז זיסער פֿון צוקער. איר מעגט זײַן איבערצײַגט, אַז מײַן אַרבעט איז ניט
ווערט קיין פּעני. נאָר איך קאָן עס מיר שאַצן, אַז ס'האָט די ווערט אַ מיליאָן. עס איז אַמעריקע. אַ פֿרײַע מדינה.

- ג -

שטאַרק אויסגעפּויקט און צעאַדווערטײַזט איבער גאַנץ "דאַון-טאַון * " מײַן ברודער אליהוס פּסחדיקן ווײַן, האָט
אונדזער חבֿר פּיניע אָוועקגערופֿן מײַן ברודער אויף אַ זײַט און האָט אים אַזוי געזאָגט:

הער זשע אויס, אליהו. איך האָב דיר אַדווערטײַזט דײַן פּסחדיקן ווײַן, וואָס מע דאַרף נישט בעסער. זע-זשע, -
איך זאָל נישט האָבן דורך דיר קיין בזיונות. וואָרעם דו קאָנסט אָנמאַנופֿעקטשורן אַזאַ ווײַן, ער זאָל זײַן אַזוי
געשמאַק, ווי דײַן געטראַנק אין דער אַלטער היים... זאָלסטו געדענקען, אַז דאָס איז אַמעריקע, און דאָ טרינקט
מען ווײַן, נישט קיין קוואַס...

דאָ האָט זיך מײַן ברודער אליהו געפֿונען באַליידיקט און האָט נישט געוואָלט ענטפֿערן פּיניען קיין וואָרט אַפֿילו.
פֿאַר אים האָט שוין אָפּגעענטפֿערט ברכה. מײַן שוועגערין האָט אָפּגעצוואָגן אונדזער חבֿר פּיניע מיט אַ הייסן
אָקראָפּ. זי האָט זיך אָנגערופֿן און האָט אַזוי געזאָגט:

עמעצער, אַ פֿרעמדער, זאָל שטיין בײַ דער זײַט און הערן אַזעלכע ווערטער, וואָלט ער זיכער געקאָנט מיינען, -
אַז אין אַמעריקע זײַנען לויטער מיוחסים און סטעקראַטן, וואָס טרינקען נישט קיין אַנדער משקה, אַ חוץ ווײַן, און
באָדן זיך אין האָניק און אין שמאַלץ און אין אַלדאָס גוטס... לאָם איך האָבן די גליקלעכע יאָר, וויפֿל קוואָרט
סאָראָוועץ און ראָסל פֿון אוגערקעס עס ווערט דאָ אויסגעטרונקען אַ טאָג!... איך האָב אַליין געזען מיט מײַנע
אייגענע אויגן אַן אָלרײַטניטשקע פֿון גרענד סטריט * האָט באַשטעלט אַן עמער עפּלקוואַס מיט אַ מאה זויערע
עפּלעך, קיסליצעס... און די ברכות זאָל איך האָבן, וואָס די קיסליצעס זײַנען בעסער און געשמאַקער פֿון די
היגע אָרענדזשעס * מיט די גרייפּפֿרוטס, וואָס מע ווייס אַפֿילו נישט, ווי אַזוי מע שנײַדט דאָס און מיט וואָס מע
עסט דאָס...

איך גיב נישט איבער ביזן סוף אַלצדינג, וואָס ברכה האָט דאָ אַרויסגעזאָגט. וואָרעם ברכה, אַז זי הייבט אָן צו
ריידן, וועט זי אַזוי גיך נישט אַנטשוויגן ווערן. פּיניע ווייס עס גלײַך מיט מיר. רוקט ער אָן דאָס היטל און נעמט
דעם וועג. דאָס איז די בעסטע עצה. איך טו אויך אַזוי.

- ד -

"קענדי-סיגאַר-סטיישאָנערי-סטאָר מיט פֿינף רומס. גרויסער באַרגען * . גוטע ביזנעס. בעסטע נאַכבאַרשאַפֿט *
. אורזאַכע סינגעל * . שנעל איבערגעבן". וואָס זאָגט איר אויף דער עבֿרי? אַיאָ, ס'איז בײַ אײַך תּרגום-לשון? מע
מוז אײַך פֿאַרטײַטשן איטלעכס וואָרט באַזונדער. אַנישט, וועט איר נישט פֿאַרשטיין.

דער פּשט איז אַזוי: "עס גיט זיך איבער אַ קלייט, ווו מע פֿאַרקויפֿט קאָנפֿעקטן, סיגאַרעטן, שרײַבגעצײַג, גאַזעטן
און נאָך אַזעלכע זאַכן. אַ גרויסע מציאה. מאַכט גוטע געשעפֿטן. די בעסטע שכנים. און מחמת דער באַלעבאָס
איז נישט קיין באַווײַבטער, דעריבער גיט ער איבער דאָס געשעפֿט וואָס גיכער"...

דאָס האָבן מיר אַרויסגעלייענט פֿונעם פּייפּער, און מיר האָבן אַלע דערפֿילט, אַז דאָס איז פֿאַר אונדז די

ריכטיקע ביזנעס. גלייַך ווי געמאָסטן. און מיר האָבן אָנגעהויבן גיין אָנקוקן די ביזנעס. פֿריִער זייַנען געגאַנגען די מאַנצבילן. דאָס הייסט, מייַן ברודער אליהו, אונדזער חבֿר פּיניע און מיר אין צווייען, דאָס הייסט, איך און מייַן חבֿר מענדל, וואָס מע רופֿט אים שוין מייַק. אונדז זייַנען די ביזנעס געפֿעלן. דערנאָך זייַנען געגאַנגען די ווייַבער: די מאַמע, מייַן שוועגערין ברכה און פּיניעס ווייַב טייַבל. איז זיי נישט געפֿעלן. איטלעכע פֿון זיי האָט געפֿונען אַן אַנדער חסרון. מייַן מאַמע האָט געזאָגט, אַז ס'איז איר צו ווייַט פֿון דער שול. דאָס הייסט, ס'איז אויך יענער גאָס אויך פֿאַראַן אַ שול. איז דאָס אָבער אַ פֿרעמדע שול. נישט אונדזער כּתרילעווקער שול. פֿרעגט בייַ איר אליהו, אויב אין דער שול איז דער אייגענער ייִדישער גאָט, וואָס אין יענער שול? ענטפֿערט אים די מאַמע, אַז דער גאָט איז דער אייגענער, נאָר די ייִדן זייַנען אַנדערע. זי איז צוגעוווינט צו די כּתרילעווקער ייִדן. מיט כּתרילעווקער ייִדן, זאָגט זי, דאַוונט זיך גאָר אַנדערש. זי קאָן זיך נישט פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי וועט זי הערן אַן אַנדער בעל-תּפֿילה, נישט אונדזער הערש-בער דעם חזן?

\- ה -

דאָס איז דער מאַמעס טענות. מייַן שוועגערין ברכה האָט אויף די ביזנעס אַן אַנדער חסרון: וואָס וועלן מיר טאָן, זאָגט זי, מיט אַזוי פֿיל רומס? צו וואָס דאַרפֿן מיר פֿינף רומס? האָט אונדז אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע געגעבן אַן עצה: מיר זאָלן די איבעריקע רומס * פֿאַרדינגען. אָפּגעבן צו אַ פּאָר קוואַרטיראַנטן מיט קעסט. דאָ ווערט דאָס אָנגערופֿן: "אַרייַננעמען באָרדערס * ". אַ "באָרדער" הייסט אַ שכן, אַ קוואַרטיראַנט. זאָגט ברכה: "נאָך דאָס פֿעלט אונדז. האָבן צו טאָן מיט קעסט-קינדער". און טייַבל זאָגט איר נאָך איטלעכס וואָרט, ווי אַ פּאָפּוגייַ: "נאָך דאָס פֿעלט אונדז. האָבן צו טאָן מיט קעסט-קינדער"... זאָגט פּיניע צו זייַן ווייַבל: "טאָמער וואָלסטו אַמאָל געזאָגט דייַן אייגן וואָרט, נישט איבערקייַען ברכהס ווערטער?"... טרעט אַרויס ברכה און קילט אָפּ אונדזער פּיניען: "איטלעכער איז אַ מבֿין אויף יענעם, נישט אויף זיך"... און טייַבל חזרט איבער: "איטלעכער איז אַ מבֿין אויף יענעם, נישט אויף זיך"... רופֿט זיך אָן פּיניע צו זייַן ווייַב: "וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו זאָלסט זייַן אַליין?" ענטפֿערט אים ברכה: "וואָלט איך - זאָלט איר, לעקעך - איז מקח"... און טייַבל זאָגט איר נאָך: "וואָלט איך - זאָלט איך, לעקעך - איז מקח"... טוט פּיניע אַ שפּייַ אויס "טפֿו!" - און גייט אַוועק.

\- ו -

מיינט איר, אַז נאָר מיר אַליין זייַנען געגאַנגען אָנקוקן די ביזנעס? עס האָבן זיך מטריח געווען אויך אונדזערע מחותּנים, אונדזערע פֿרייַנט און באַקאַנטע. קודם-כּל איז געגאַנגען אונדזער מחותּן, יונה דער בעקער. דערנאָך - זייַן ווייַב, אונדזער מחותּנתטע, ריוועלע די בעקערין. ביידע מיטאַמאָל קאָנען זיי נישט איבערלאָזן די קנישעס אויף הפֿקר. מוזן זיי אַלעמאָל גיין איינציקווייַז. דערנאָך איז געגאַנגען משה דער אייַנבינדער. און נאָך אים - פּעסיע די גראָבע... נאָר שאַ! דאָ מוז איך מיך אַליין אונטערברעכן און זאָגן אויפֿן היגן לשון: "עסקיוז מי * , איך האָב געמאַכט אַ מיסטייק * ". אויף אונדזער מענטשלעכן לשון וועט דאָס הייסן: "האָט קיין פֿאַראיבל נישט, איך האָב געהאַט אַ טעות". פֿריִער איז געגאַנגען אונדזער שכנה פּעסיע די גראָבע, דערנאָך ערשט איז געגאַנגען איר מאַן, משה דער אייַנבינדער. און נאָך זיי זייַנען געגאַנגען גלאַט אַ פּאָר באַקאַנטע גוטע פֿרייַנט, וואָס דאַווענען מיט אונדז אין איין שול, דאָס הייסט, אַ פּאָר כּתרילעווקער ייִדן, וואָס פֿאַרשטייען אין די ביזנעס. האָט זיי דער ביזנעסמאַן נישט שיין אויפֿגענומען. דאָס הייסט, ער האָט זיי פּשוט דורכגעטריבן. ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער האָט זיך קיינמאָל נישט פֿאַרגעשטעלט אַזאַ גרויסע משפּחה! האָט דאָס מייַן מאַמע פֿאַרדראָסן. איז זי אַוועק צו אים מיט מייַן שוועגערין ברכה. האָט אים ברכה אָפּגעשפּילט אַ ווייוואַט, אַז ער וועט זי האָבן צו געדענקען! דער סוף איז געווען, אַז דער ביזנעסמאַן האָט געשוואָרן בייַ גאָט, אַז ער גיט אויף די ביזנעס נאָר צוליב דעם, וואָס ער גייט חתונה האָבן. איצט האָט ער שוין חרטה. אַז אַ ייִדענע, זאָגט ער, קאָן האָבן אַזאַ מויל, ווי אונדזער ברכה, איז נישט כּדאַי צו חתונה האָבן. שוין גלייַכער, זאָגט ער, בלייַבן ביזן טויט אַ סינגעלמאַן * . דאָס הייסט, אַ בחור.

\- ז -

דאָס איז אָבער נאָר געזאָגט. דער ביזנעסמאַן איז אויסגעגאַנגען פֿאַרקויפֿן די ביזנעס, פּונקט אַזוי ווי מיר האָבן געחלשט נאָך די ביזנעס. ובפֿרט, אַז אונדזער סטענד האָבן מיר שוין כּמעט פֿאַרקויפֿט. איך זאָג "כּמעט", ווייַל דער גרינהאָרן, וואָס איז געגאַנגען איבערנעמען אונדזער סטענד, האָט אונדז מיט גוואַלד אַרייַנגעשטופּט צען טאָלער אַן אויפֿגאָב. דאָ הייסט עס אַ "דעפּאָזיט". מיר האָבן שוין חרטה געהאַט, וואָס מיר האָבן בייַ אים גענומען דעם דעפּאָזיט. וואָרעם דער גרינהאָרן איז געהאַנגען איבער אונדז דעם גאַנצן טאָג, ער האָט שוין גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פֿון אונדזער סטענד. אַ ייִד אַ נודניק, אַ סך אַ גרעסערער נודניק פֿון מייַן ברודער אליהו. מייַן ברודער איז גאָלד אַקעגן אים. ער האָט זיך אַזוי אייַנגעגעסן אין די ביינער, אַז מיר האָבן אים געוואָרפֿן אין פּנים אַרייַן זייַן דעפּאָזיט. האָט ער אָבער ניט געוואָלט אים נעמען צוריק. ער האָט זיך פֿאַרליבט אין אונדזער סטענד. ער איז געווען זיכער, אַז מיר ווערן גליקלעך. "אַ גרינהאָרן בלייַבט אַ גרינהאָרן!"... אַזוי זאָגט אונדזער חבֿר פּיניע.

\- ח -

וואָס הייסט אַ "גרינהאָרן"? - פֿרעגט מיך עפּעס גרינגערס! מייַן חבֿר מייַק ווייס אויך נישט וואָס דאָס איז. מיר הערן, אַז מע זאָגט "גרינהאָרן" - זאָגן מיר אויך. איך בין אַ בעלן געווען אויף אַ טשיקאַוועסט אָפּמאָלן דעם ייִדן, וואָס האָט אָפּגעהאַנדלט בייַ אונדז דעם סטענד, מיט אַ ווייַס קרייַדל אויף די שטיינער פֿונעם טראָטואַר. נאָר

אויפֿן שטערן האָב איך אים צוגעזעצט אַ לאַנגן האָרן מיט גרינע קרייד. האָט איר באַדאַרפֿט הערן די געלעכטערן, וואָס זײַנען געווען. אַלע האָבן דערקענט אונדזער גרינהאָרן און אַלע האָבן געלאַכט. אַ חוץ מײַן ברודער אליהו. ער האָט נישט געלאַכט. דאָס הייסט, שלאָגן האָט ער מיך נישט געשלאָגן. נאָר ער האָט מיך געצוווּנגען, איך זאָל מיט אַ נאַסער שמאַטע אָפּווישן דעם גרינהאָרן. אַנישט, וועלן מיר דאַרפֿן צאָלן שטראָף. פֿאַר יעדע זאַך צאָלט מען דאָ שטראָף. פּרוּווט אַ שפּײַ טאָן אין סטריט - וואַקסט אויס אַ גאָראָדאָװאָי (דאָ הייסט ער "פּאָליסמאַן * "). ער נעמט אײַך פֿאַר אַן אויער און פֿירט אײַך אָפּ גלײַך אין חד-גדיא אַרײַן (דאָ הייסט עס "פּאָליס-סטיישען * "). און דאָרטן שטראָפֿירט מען אײַך אָפּ אין פֿינף טאָלער. זייער שטרענג אין אַמעריקע!

- ט -
קערט איר אַוודאי מיינען, אַז דאָ איז אַזוי ריין און זויבער, ווי אין אַנטוועריפּן, און קיינער שפּײַט נישט אויף דער סטריט? האָט איר אַ טעות. מע שפּײַט און מע כראַקעט אויף וואָס די וועלט שטייט. אַמעריקע - אַ פֿרײַע מדינה. סײַדן אפֿשר אויף דער פֿינפֿטער עווניו. און דאָס - נישט אומעטום, נאָר דאָרט, וווּ די מיליאָנערן זיצן. מיליאָנערן שפּײַען נישט. שפּײַען שפּײַט נאָר דער, וואָס ס'איז אים נישט גוט. און דעם רײַכן איז דאָך גוט - וואָס ווערט ער שפּײַען?...

XVIII
מיר מופֿן *
- א -
אין אַמעריקע איז אַ מינהג - מע מופֿט. דאָס הייסט, מע פּעקלט זיך פֿון איין דירה אין דער אַנדערער. פֿון איין ביזנעס אין דער אַנדערער. יעדער איינציקער מוז מופֿן. מופֿט ער נישט מיט זײַן גוטן ווילן, מאַכט מען אים, ער זאָל מופֿן. דאָס הייסט, אַז איר צאָלט נישט קיין דירה-געלט (דאָ הייסט עס "רענט * "), גיט מען אָן אויף אײַך און מע וואַרפֿט אײַך אַרויס. ווערט דאָס אָנגערופֿן, אַז מע האָט אײַך אַרויסגעמופֿט. דעריבער טאָרט איר זיך נישט וווּנדערן, אַז מע טוט אײַך אַ פֿרעג: "ווען מופֿט איר?" און אַז מע פֿרעגט אײַך, מוזט איר ענטפֿערן. פֿאַר נישט וועלן ענטפֿערן האָט מײַן ברודער אליהו געכאַפּט אַ פּסק פֿון אונדזערן אַ קאָסטאָמער, וואָס גיט אונדז צו לייזן פֿאַר מעטשעס * . דאָס הייסט, ער באַקומט פֿון אונדזער סטענד אַלע וואָך אַ באַקסל * מעטשעס אָן געלט. דאָ גיט מען שוועבעלעך אומזיסט. מע דאַרף גאָרנישט וואַרטן, ביז מע וועט געבן. מע גייט צו און מע נעמט אַליין.

- ב -
דער קאָסטאָמער, וואָס איך דערצייל אײַך, איז אַ מאָדנער מענטש. עס איז כּדאַי, איך זאָל אײַך אים אָפּמאָלן. ווער ער איז און וואָס ער איז - ווייסן מיר נישט. ווּ ער וווינט און וואָס זײַנען זײַנע ביזנעס - ווייסן מיר אויך נישט. קיין רײַכער מאַן, ווײַזט אויס, איז ער נישט. דאָס זעט מען נאָך זײַן אויסגעריבענעם קאָוט * , וואָס ער בײַט אים קיינמאָל ניט איבער, נאָך זײַן אָפּגעבאַרעט קאַפּעליושל און נאָך זײַנע געלאַטעטע שיך. דערפֿאַר איז ער אָבער זייער אַן אַקוראַטנער מענטש. ער קומט צו אַלע טאָג אין דער זעלבער שעה און צו דער זעלבער מינוט. ער נעמט דעם מאָרגן-פּייפּער, טוט אין אים אַ קוק אַרײַן אויף דער ערשטער און אויף דער לעצטער פּיידזש * , כאַפּט אַ קוק אויך אין דער מיט פֿונעם פּייפּער און לייגט אים אַוועק צוריק. קויפֿן האָט ער נאָך קיין איינציק מאָל בײַ אונדז נישט געקויפֿט קיין זאַך. אַ חוץ, וואָס ער נעמט אַלע וואָך אַ באַקסעלע מעטשעס אומזיסט. און אַ חוץ וואָס ער לייענט אַלע טאָג דעם מאָרגן-פּייפּער. האָט דאָס מײַן ברודער אליהו מסתּמא פֿאַרדראָסן. איין מאָל אַ חכמה, צוויי מאָל אַ חכמה. אָבער נישט אַלע טאָג. איז זיך מישבֿ אליהו איינמאָל און טוט אים אַ זאָג:

- עס קאָסט אַ פּעני...

דער קאָסטאָמער טוט זיך זײַנס, דאָס הייסט, ער לייענט די ערשטע און די לעצטע פּיידזש פֿונעם מאָרגן-פּייפּער. מײַן ברודער העכערט דאָס קול:

- עס קאָסט אַ סענט!...

דער קאָסטאָמער טוט אַ קוק אין מיטן, לייגט צונויף דעם פּייפּער און לייגט אים אַוועק אויפֿן זעלבן אָרט, ווי ער איז געלעגן.

- ג -
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
אויף דעם אָרט ווערן איבערגעריסן מאָטל פּייסי דעם חזנס מעשׂיות פֿון אַמעריקע. "מיר מופֿן" איז געווען די לעצטע זאַך, די לעצטע שורות, וואָס שלום-עליכם האָט געשריבן עטלעכע טעג פֿאַר זײַן אַוועקגיין פֿון אונדז, שוין ליגנדיק אויף זײַן טויטן-בעט. ער האָט נאָך אַוועקגעשטעלט אַ גרויסן געכּתיבֿהטן אות "ג", נאָר נאָכן גימל גייען אין מאַנוסקריפּט ליידיקע ווײַסע בלעטלעך, אַזוי אַז דער אומבאַקאַנטער "קאָסטאָמער" אָן אַ נאָמען בלײַבט אומבאַקאַנט, און די אַלע ווײַטערדיקע בילדער און טיפּן פֿונעם ייִדיש-אַמעריקאַנישן געטאָ-לעבן, וואָס

האָבן גערעגט דעם שטענדיק-וואַכנדיקן דמיון פֿון אונדזער גרויסן שילדערער אין זײַנע לעצטע טעג, בלײַבן פֿאַרשלאָסן און פֿאַרזיגלט פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

וועגן דעם דאָזיקן לעצטן קאַפּיטל פֿון שלום-עליכמס שאַפֿן (און אפֿשר אויך וועגן דעם פֿריִעריקן פֿאָר-לעצטן קאַפּיטל פֿון "מאָטל פּייסי דעם חזנס אין אַמעריקע") איז אונדז, זײַנע הויז-מענטשן, אויסגעקומען צו הערן פֿון אים אַליין. דינסטיק דעם 9טן מײַ, אין אָוונט, דאָס הייסט, פֿיר טעג פֿאַר זײַן טויט, האָט מען מיך דורכן טעלעפֿאָן אַוועקגערופֿן פֿון מײַן אַרבעט און איבערגעגעבן, אַז שלום-עליכם רופֿט מיך, איך זאָל באַלד קומען. פֿון די דאָקטוירים האָב איך געוווּסט און בין געווען זיכער, אַז דעם קראַנקנס לאַגע איז נישט ערנסט און אַז עס דאַרף נאָר נעמען עטלעכע טעג ביז ער וועט געזונט ווערן. און דאָך האָט מיך דעם גאַנצן וועג, פֿון דער "איסט סײַד * " ביז בראָנקס, געדריקט אַ מאָדנער שווערער אַנגסט. איך האָב זיך באַרויִקט ערשט דעמאָלט, ווען איך האָב דערזען דאָס פֿענצטער פֿון שלום-עליכמס צימער, פֿון וועלכן עס האָט זיך געגאָסן אַ שטילער רויִקער שײַן.

איך האָב געטראָפֿן שלום-עליכמען אויפֿן בעט דווקא מונטער און עטוואָס אויפֿגעלעבט. מע האָט אים געהאַט אײַנגעגעבן נערונג אויף אַ קינסטלעכן אופֿן, ווײַל די דאָקטוירים האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז בײַ אים אַ נערוועזע מאָגן-קראַנקייט. מיט עטלעכע שעה צוריק, נאָכמיטאָג, בין איך געווען בײַ אים אין צימער, נאָר איצט האָט ער געזאָגט, אַז אים דאַכט זיך, אַז ער האָט מיך נישט געזען שוין עטלעכע טעג. מיט אַ שוואַכן שמייכל אויפֿן אויסגעמוטשעטן געזיכט האָט ער דערציילט, וואָס פֿאַר אַ ווונדערלעכע ווירקונג די קינסטלעכע נערונג האָט אויף אים געמאַכט - עס האָבן זיך אים ממש געעפֿנט די אויגן און ער זעט פֿאַר זיך די ליכטיקע וועלט. צווישן אַנדערס האָט ער מיך געפֿרעגט, צי מע ווייס אין דער רעדאַקציע פֿון דער "וואַרהייט" (ווו ער האָט די לעצטע צײַט געשריבן), אַז ער איז קראַנק, און האָט אונדז דערציילט, אַז הײַנטיקע נאַכט (דאָס הייסט, די נאַכט פֿון מאָנטיק אַקעגן דינסטיק) האָט ער געשריבן, נישט קוקנדיק אויף די גרויסע יסורים, וואָס האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט אַ מינוט נישט. "איך ליג אַזוי און ליג אַ גאַנצע נאַכט, - האָט ער דערציילט, דערבײַ שווער געכאַפּט דעם אָטעם - שלאָפֿן קאָן איך נישט, די געדאַנקען טראָגן... וואָס זשע איז דער תּכלית אַזוי צו ליגן? זאָג איך צו דער מאַמע: וואָס וועל איך דאָ אויסליגן? ביז טאָג איז נאָך ווײַט... אַמער, גיב אַהער די פּען און די פּאַפּקע מיטן פּאַפּיר, וועל איך כאָטש שרײַבן. שרײַבן איז מיר אַ סך גרינגער, וואָרעם סײַ ווי סײַ מוטשען די געדאַנקען, לאָזן נישט צו-רו... און אָט אַזוי פּאַוואָלינקע האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע קאַפּיטלעך פֿון מאָטלען..."

און די עטוואָס מידע, הימל-קאָלירטע אויגן, וואָס האָבן די לעצטע טעג אָפּגעגעבן מיט אַ מאָדנע בלויקייט, אַ ריינע, אַ ווײַטע, ווי די בלויקייט פֿון הימל, האָבן דערבײַ אויפֿגעשטראַלט מיט אַ קינדיש-קינסטלערישער באַגײַסטערונג.

דאָס זײַנען געווען די לעצטע שורות פֿון שלום-עליכמס שאַפֿן און דאָס זײַנען געווען זײַנע לעצטע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט וועגן זײַן שרײַבן. אויף מאָרגן איז זײַן לאַגע געוואָרן ערנסט, די דאָקטוירים האָבן זיך פֿאַרלוירן, און דאָס אומגליק איז אויסגעוואַקסן נאָענט, ווי אַ כמאַרע...

דאָס לעצטע מאַנוסקריפּט "מיר מופֿן", כאָטש ס'איז געשריבן מיט שלום-עליכמס כאַראַקטעריסטישער פֿײַנער און קלאָרער האַנטשריפֿט, איז דאָך צו דערקענען, אַז ס'איז געשריבן געוואָרן שוין נישט מיט אַ געזונטער לײַכטער האַנט. די אותיות זײַנען עטוואָס געצוקט און געקרימט, גייען נישט אומעטום גלײַך, נאָר דאָ גרעסער און דאָ קלענער, און זײַנען שוין נישט אַזוי פּערלדיק און געטאָקט, ווי דער באַרימטער געטאָקטער פּערל-כּתבֿ פֿון שלום-עליכם. עס איז אויך כּמעט נישט צו באַמערקן אין דעם דאָזיקן לעצטן כּתבֿ-יד קיין אויסגעמעקטע און פֿון-אויבן צוגעשריבענע שורות, אַזוי ווי ס'איז תּמיד געווען די געוווינהייט פֿון שלום-עליכם שטאַרק צו באַאַרבעטן און צו שלײַפֿן זײַנע ווערק. די עטלעכע קליינע קאַפּיטלעך זײַנען, אַ פּנים, געשריבן געוואָרן פֿון דער ערשטער האַנט און האָבן עטלעכע טעג געוואַרט אויף זייער מײַסטער, ער זאָל זיי באַפּוצן אויף זײַן שטייגער - און האָבן זיך נישט דערוואַרט...

* אָנמערקונג פֿון י. ד. בערקאָוויטש.»

די וואַסערשטוב
(דער ערשטער וואַריאַנט פֿון דעם קאַפּיטל "מזל-טובֿ, מיר זײַנען שוין אין אַמעריקע!")
געשריבן אין יאָר 1914.
- א -
אַ מוראדיק גרויסע שטוב, אַזוי גרויס כּמעט ווי בײַ אונדז צען שטיבער, אָדער אפֿשר נאָך מער.

און ווײַס איז זי, די שטוב, ווײַס ווי מילך, מיט קליינינטשקע פֿענצטערלעך אַ סך. די פֿענצטערלעך זײַנען קײַלעכיק, פֿון ריינעם קרישטאָל און מיט רויטן באַצוויקלט.

און קוימענס האָט די שטוב צוויי גרויסע, הויכע, ברייטע, שוואַרצע קוימענס, וואָס פֿײַפֿן אַזוי שטאַרק, אַז פֿון איין פֿײַף אַ גוטן קאָנט איר פֿאַלן חלשות.

און שטיין שטייט די שטוב אויפֿן וואַסער. אַ וואַסערשטוב.

דאָס הייסט, נישט זי שטייט, נאָר זי גייט. גיך-גיך גייט זי - זי לויפֿט כּמעט. זי שנײַדט די כוואַליעס אויף צווייען און גליטשט זיך, גליטשט זיך אויפֿן וואַסער. זי הייבט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ - און מיר פֿאָרן, מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע!

נישט מיר אַליין פֿאָרן קיין אַמעריקע - מיט אונדז פֿאָרן נאָך אַ סך, אַ סך ייִדן און ווײַבער, מיט קינדער און אָן קינדער.

און אַלע אין איין שטאָט אַרײַן. איך ווייס אַפֿילו, ווי אַזוי זי הייסט. "נעיאָרק" הייסט די שטאָט. אַ גרויסע שטאָט! נאָך גרעסער פֿון ווין. און אַ ייִדישע שטאָט. אַ שטאָט פֿון סאַמע ייִדן. און ריידן רעדט מען דאָרט, ווי מע רעדט בײַ אונדז. ווי אַלע מענטשן ריידן.

מע רעדט אויף ייִדיש.

דאַנקען און לויבן יאַשקע דעם טויבן! מע'ט פֿאַרשפֿאָרן זיך ברעכן די צונג, ווי מע האָט זיך געבראָכן אין בראָד, אין קראָקע מיט לעמבעריק, אין ווין און אין אַנטווערפּן און אינעם שיינעם לאָנדאָן, וואָס וואָלט שוין לאַנג געמעגט ברענען אויפֿן פֿײַער, ובפֿרט איצט, אַז מיר זײַנען שוין דאָרט נישטאָ.

אַזוי זאָגט ברכה, מײַן ברודער אליהוס ווײַב, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָרפֿן אַן אום-חן אויף אַלע שטעט, און מער ווי אַלץ - אויף לאָנדאָן.

- ב -
איצט ווייס איך פֿאַר געוויס, אַז מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע. אַפֿילו ברכה, מײַן ברודער אליהוס ווײַב, איז מודה, אַז מיר פֿאָרן קיין אַמעריקע. ביז אַהער האָט זי אַלץ נישט געוואָלט גלויבן: "מיר פֿאָרן און פֿאָרן - און שטייען אויף איין אָרט".

נאָר איר מיינט, אַז איצט איז זי שוין צופֿרידן? ווער - וואָס! ברכה איז קיינמאָל נישט צופֿרידן. זי וויל נאָר וויסן איין זאַך: ווער איז דער שלימזל, וואָס האָט דאָס אויסגעטראַכט אָט די דאָזיקע מדינה?

- עס וואָלט אים געמעגט - זאָגט זי - אַרויסוואַרפֿן און פֿיניען אַרײַנוואַרפֿן!

דאָס מיינט זי אונדזער חבֿר פֿיניען, וואָס פֿאָרט מיט אונדז קיין אַמעריקע.

וואָס האָט זי צו אים? ווײַל ער איז, זאָגט זי, דער גאַנצער חייבֿ. ווען נישט ער, וואָלטן מיר איצטער, זאָגט זי, געזעסן אין דער היים, ווי אַלע ייִדן, און וואָלטן זיך נישט געשלעפּט איבער ימים און מידבריות און וויסטענישן.

ער, פֿיניע הייסט עס, האָט אַרויפֿגעפֿירט, זאָגט זי, מײַן ברודער אליהו אויף אַ גליטש - מיר זאָלן פֿאַרקויפֿן "אונדזער האַלבע שטוב און פֿאָרן קיין "מאַלעריקע.

- ג -
"מאַלעריקע" - אַזוי רופֿט דאָס אָן מײַן שוועגערין ברכה אַלעמאָל, ווען זי איז אין כּעס.

און אין כּעס איז זי אָפֿט. כּמעט נישטאָ דער טאָג, וואָס ברכה זאָל נישט זײַן אין כּעס.

אַ גליק, וואָס מײַן ברודער אליהו הערט זי, ווי דעם קאָטער, און אונדזער חבֿר פֿיניע - דער לאַכט זיך גאָר אויס פֿון איר באָבע. איר געדענקט דאָך מסתּמא אונדזער חבֿר פֿיניע? אים אַז מע דערעסט זיך שטאַרק, מאַכט ער אײַך באַלד אויף יענעם אַ לידל - און טו אים עפּעס!

אַנומלטן האָט ער געמאַכט אויף איר, טאַקע אויף מײַן שוועגערין, הייסט עס, אַ לידל - איז זי שיִער נישט צעזעצט געוואָרן פֿאַר בזיון.

אָט אַזוי הייבט זיך אָן דאָס לידל:

- איך האָב אַ חבֿר מוהר"ר אליהו
- באַשערט אַ מענטשן אַ הצלחה!
האָט ער אַ ווײַב - ביז דער סטעליע
אַ שלאַק פֿורעניות מרת ברכה,
קיין עין-הרע נישט, אַ גראָבע,
און אַ ברייטע, אַן אָסאָבע...
ווײַטער געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר, אַז ברכה איז אַזש געווען בלוי פֿאַר כּעס. דעם כּעס האָט זי אויסגעלאָזט צו מײַן ברודער אליהו.

דערנאָך האָט זי זיך געוואָלט נוקם זײַן אין מיר. האָט זיך די מאַמע אָנגענומען מײַן קריוודע. האָט איר ברכה געזאָגט אַ גראָב וואָרט, אויסגעוואָרפֿן דעם טאַטן דעם חזן. האָט זיך די מאַמע צעוויינט. האָט זיך אליהו צעשריגן אויף איר, אַז זי מאַכט אונדז אומגליקלעך. מיר זײַנען נאָך נישט פֿאַרטיק, זאָגט ער! וואָרעם אַז מיר וועלן אַרײַנקומען קיין אַמעריקע בשלום, וועלן מיר ערשט דעמאָלט באַדאַרפֿן, זאָגט ער, נאָך אַ מאָל באַווײַזן, אַז מיר האָבן, זאָגט ער, געזונטע אויגן.

נאָר איך האָב מיך אַ ביסל פֿאַררעדט און האָב שיִער פֿאַרגעסן, אַז איך האָב אײַך נאָך גאָרנישט דערציילט וועגן דער וואַסערשטוב.

- ד -
אַך, ווי שיין דאָס איז! אַך, ווי גרויס! און אַך, ווי גוט מיר איז!

אַ קייסער, זאָגט מען, איז גוט. מיר - איז בעסער. דאָ בין איך בעל-הבית.

איך און דער קאַפּיטאַן. אַ מענטש אַ גיבור. גאָלדענע קנעפּ מיט גאָלדענע "פּאַלעטן * ", און וואָנצעס מוראדיקע, גראָבע, גרעבער ווי בערד. אין מיטן אויסגעגאָלט. אויגן - מחיהדיקע. זיי שמייכלען בײַ אים שטענדיק. אַפֿילו דעמאָלט, ווען ער בייזערט זיך. אַ דימענט פֿון אַ קאַפּיטאַן! איך האָב אים ליב - סכּנות! איך האָב אים אָפּגעמאָלט מיט אַ בלײַערל אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, ווי ער שטייט און גייט. אַפֿילו מיט די וואָנצעס. נאָר איך האָב עס צעריסן - אליהו זאָל נישט דערזען. ער האָט פֿײַנט מענטשעלעך.

אליהו זאָגט, אַז אַ קאַפּיטאַן דאַרף קענען שווימען, ווי אַ פֿיש. און אונדזער חבֿר פּיניע לאַכט פֿון אים. פּיניע זאָגט, אַז אַ קאַפּיטאַן דאַרף נישט קענען שווימען. שווימען דאַרפֿן נאָר מאַטראָסן. אַ קאַפּיטאַן, זאָגט פּיניע, באַדאַרף נאָך זײַן קלאָר אין דער געאָגראַפֿיע, ווי אַ ייִד אין אַשרי. אים דאַרף זײַן, זאָגט ער, קלאָר דער ים, אַזוי ווי אונדז די יבשה. ער איז מחויבֿ, זאָגט ער, צו וויסן, וויפֿל דער ים האַלט אין דער לענג און אין דער ברייט און אין דער טיף. זאָגט אים מײַן ברודער אליהו: "מילא, די לענג און די ברייט - קאָן מען נאָך ווי עס איז אויסמעסטן מיט אַן אַרשין. וואָס וועסטו אָבער טאָן מיט דער טיף?" זאָגט אים פּיניע: "ביסט אַ בהמה!" זאָגט אים אליהו: "ביסט אַליין אַ פֿערד. למאַי זידלסטו זיך?" זאָגט אים פּיניע: "ווי אַזוי זאָל איך דיך נישט זידלען, אַז דו הייבסט נישט אָן צו וויסן, זאָגט ער, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך. אָט נעם, זאָגט ער, למשל, די שטערן אין הימל. נו, ווייס מען נישט וויפֿל שטערן ס'איז פֿאַראַן? און מע קאָן דען ניט, זאָגט ער, אויסרעכענען אַלע בײַ די נעמען?" זאָגט אים אליהו: "איכ'ל דיר זאָגן דעם אמת - איך בין אויפֿן הימל נאָך קיינמאָל נישט געווען, און אויפֿן ים פֿאָר איך און זע אַרויס, אַז ער האָט קיין גרונט נישט". זאָגט אים פּיניע: "נאַרעלע, נישט נאָר אַ גרונט, מע קאָן דיר אויסרעכענען אַפֿילו וויפֿל טראָפּן וואַסער געפֿינט זיך אין ים אַרום און אַרום". פֿרעגט אים אליהו שוין מיט אַ געלעכטער: "כ'וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי דו וועסט עס אויסרעכענען? סײַדן אפֿשר דײַן פֿעטער דער זייגער-מאַכער וועט דיר אונטערהעלפֿן"...

פֿאַרדריסט עס שוין פּיניען, נאָר ער מאַכט זיך נישט ווּסנדיק. פֿאַר אים שטעלט זיך אײַן זײַן ווײַב טײַבל. איר קענט זי. איך האָב שוין וויפֿל מאָל גערעדט פֿון איר. איך האָב זי ליב. זי איז אַ קלייניטשקע און אַ שטילינקע. נאָר זי האָט אַ טבֿע - טאָמער רירט מען אָן איר פּיניען, איז חושך! האָט זי אָפּגעשפּילט מײַן ברודער אליהון אַ ווּוואַט!

זי האָט אים נישט געזאָגט גאָרנישט. זי האָט אים נאָר אַ פֿרעג געגעבן: "מיט וואָס איז אַ בייגל-בעקער שענער פֿון אַ זייגער-מאַכער?"

דאָס איז געווען אַ שטאָך אונדז אַלעמען אויף אונדזער מחותּן יונה דעם בעקער.

אַוודאי האָט דאָס אָנגערירט ברכהן מער ווי אונדז אַלעמען. יונה דער בעקער - דאָס איז דאָך איר טאַטע, ווער זי שווײַגן? אַ גליק, וואָס די מאַמע איז דערבײַ געזעסן, האָט זי זיי קוים-קוים צענומען!

נאָר איך האָב מיך שוין ווידער פֿאַררעדט און פֿאַרגעסן, אַז מיר האַלטן בײַ דער וואַסערשטוב.

- ה -
גוט איז נאָר אונדז! מיר און דעם קאַפּיטאַן. מירביידע האָבן צו שאַפֿן דאָ אויף אַלצדינג. ער, דער קאַפּיטאַן, הייסט עס, דאָרט אויבן ביַי די קוימענס, און איך, מאָטל פּייסי דעם חזנס זונדל, דאָ אויפֿן צווישנדעק.

אויף אונדזביידן שטייט די גאַנצע וואַסערשטוב. די שטוב מיט אירע אַלע קליינע שטיבעלעך מיט דער גאַנצער מאַשינעריע, וואָס קלאַפּט און טראַסקעט און הוידעט און פּײַפּט און קרעכצט.

איטלעכער האָט זיך זײַן אַרבעט. דער קאַפּיטאַן אויבן טוט גאָרנישט. ער שטייט נאָר און רעדט דורך אַ רער צו די מאַטראָסן. און די מאַטראָסן - אָנגעטאָן אין לאַמפּאַסנדיקע לײַבלעך מיט קײַלעכיקע היטעלעך - פֿיניען מיט דער נשמה. וואָס מע הייסט זיי, דאָס טוען זיי. מע הייסט זיי לויפֿן אַהער - לויפֿן זיי אַהער. מע הייסט זיי לויפֿן אַהין - לויפֿן זיי אַהין. מע זאָל זיי הייסן שפּרינגען אין וואַסער - וואָלטן זיי אויך געשפּרונגען אין וואַסער.

איר האָט באַדאַרפֿט זען זייער אַרבעט גאָר אין אָנהייב, בײַם ברעג, איידער די וואַסערשטוב האָט גערירט פֿון אָרט. וויי-וויי! ווי די רוחות, ווי די מלאַכי-חבלה - אַזוי האָבן זיי געאַרבעט.

קודם-כּל האָבן מיר באַדאַרפֿט דורכלאָזן די זאַכן. אַלעמענס פּעקלעך, אַלעמענס קאַסטנס און אַלעמענס בעטגעוואַנט. "באַגאַזש" ווערט עס אָנגערופֿן. אפֿשר צען טויזנט שטיק באַגאַזש. און אפֿשר מער.

און דאָס אַלצדינג האָט מען באַדאַרפֿט אַרויפֿפּעקלען אַרויף אויפֿן שיף. אַ גוטע אַרבעט! איר מיינט, מיט די הענט? חס-וחלילה! ווּ וועט איר נעמען אַזוי פֿיל הענט? ס'איז פֿאַראַן אַ בעסערע עצה.

אַן העלפֿאַנט האָט איר אַמאָל געזען? אַן העלפֿאַנט מיט אַ לאַנגן שנאָבל? נו, איז פֿאַראַן אַזאַ מאַשין, אַ גרויסע מאַשין, וואָס כאַפּט דעם אָנבליק פֿון אַ העלפֿאַנט מיט אַ לאַנגן שנאָבל. אָט הייבט זיך אויף דער שנאָבל, דרייט זיך כּלומרשט שלעפֿעריק אויף אַ זײַט, לאָזט זיך אַראָפּ פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע. און אַז ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, טוט ער מיטאַמאָל אַ כאַפּ-אויף צען-צוואַנציק-דרײַסיק קאַסטנס און קעסטלעך, דרייט זיך אויס צוריק אַרויף און לאָזט זיי אַראָפּ אויפֿן שיף.

דערנאָך נאָכאַמאָל זיך אויפֿגעהויבן, נאָכאַמאָל זיך אויסגעדרייט, אַ כאַפּ די קאַסטנס מיט די קעסטלעך, און ווידער אויפֿן שיף.

אָט אַזוי האָבן מיר ביסלעכווײַז אַריבערגעפּעקלט דעם גאַנצן באַגאַזש. מיר ביידע, איך און דער קאַפּיטאַן, זײַנען נישט אָפּגעטראָטן ביזן סוף.

דערנאָך האָט זיך ערשט אָנגעהויבן בײַ אונדז די רעכטע אַרבעט. גיי ריר אַזאַ מאַכינע פֿונעם אָרט! אײַ-אײַ, וואָס מיר האָבן צעאַרבעט! דער קאַפּיטאַן איז נישט אָפּגעטראָטן פֿונעם טרײַבל. די מאַטראָסן זײַנען אַרומגעלאָפֿן ווי די משוגעים. און איך בין אויפֿן צווישנדעק. די הענט האַלט איך אין די קעשענעס און גיב אַכטונג אויף דער אַרבעט, ווי די וואַסערשטוב רירט וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער און אַלץ גיכער. און איך קוק אַראָפּ אין ים אַרײַן, און איך מיין, אַז מײַן ברודער אליהו איז גערעכט:

דער ים האָט נישט קיין גרונט!

- ו -
זינט איך לעב האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי פֿיל מענטשן, איך מיין, אַזוי פֿיל ייִדן, ווי דאָ, בײַ אונדז אין וואַסערשטוב, אויפֿן צווישנדעק.

- קיין עין-הרע! קיין בייז אויג! - זאָגט די מאַמע און טרערן שטייען איר אין די אויגן.

אַ סך פֿון זיי האָבן מיך דערקענט. און אַ סך האָב איך דערקענט. איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך האָב זיי געזען - איך געדענק שוין נישט ווּ: צי אין קראָקע, צי אין לעמבעריק? צי אין ווין בײַ דעם "אָליאַנץ", צי אין אַנטווערפּן בײַ דער "עזרה"? מע באַדאַרף אַ פֿרעג טאָן בײַ דער מאַמע. זי קער וויסן. נאָר איך וועל נאָך צײַט האָבן שפּעטער. דערווײַל דאַרף מען פֿאָרן. האָב איך מיך אַוועקגעזעצט אויף אַן אײַזערנער טומבע רײַטנדיק און קוק גאָר אין הימל אַרײַן.

איך ווייס נישט, צי איז דאָס הימל, צי איז דאָס וואַסער? אָט איז עס, דאַכט זיך, הימל, און אָט איז דאָס וואַסער, און אָט איז דאָס שוין ווידער הימל. און די וואַסערשטוב מיט אַלע מענטשן און מיט אַלע זאַכן הייבט זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ, און מיר פֿאָרן, מיר פֿאָרן - קיין אַמעריקע!

האָב איך אָבער פֿײַנט זיצן ליידיק. שטיי איך אויף און לאָז מיך באַטראַכטן די וואַסערשטוב פֿון אַלע זײַטן. זע איך מענטשן, אין רויטע זשילעטן אָנגעטאָן און מיט גאָלדענע קנעפּ.

די דאָזיקע מענטשן זײַנען געשטעלט געוואָרן אויף צו באַדינען אונדז. זיי הייסן דאָ אַ מאָדנעם נאָמען. "סטיוואַרטס * " רופֿט מען זיי. און זייער עובֿדה איז: זיי טראָגן אַרום אין גרויסע בעקנס כּלערליי מינים עסנוואַרג און פֿלעשלעך מיט משקה און סיפֿאָנעס מיט זעלצערוואַסער און מיט לימענאַד.

איך האָב ליב לימענאַד דאָס חיות! אין לאָנדאָן האָב איך מיך באַקענט מיט דער דאָזיקער משקה. דאָרטן רופֿט מען דאָס "לעמאָנייד * ". האָט זי מײַן שווענגערין ברכה אויסגעלאַכט מיט זייער לשון. אַז פֿײַף איז בײַ זיי פֿינף, אַ קאָפּיקע איז אַ פּעני, טײַמעס איז צײַט און לימענאַד איז גאָר "לעמאָנייד" - מעג עס ניט ברענען אויפֿן פֿײַער?

אַזוי זאָגט ברכה. און איך זאָג: לאָז זײַן לימענאַד, לאָז זײַן לעמאָנייד, אַבי ס'איז גוט. ס'איז זיס און סע שטשיפּלט בײַ דער צונג.

איין חסרון האָט עס - מע באַדאַרף דערפֿאַר צאָלן. און צאָלן איז מײַן ברודער אליהו (ער איז דאָך דער קאַסירער) קיין בעלן ניט. ער זאָגט, אַז אַ שיפֿסקאַרטע איז שוין מיט אַלעמען, מיט עסן און מיט טרינקען און מיט אַלצדינג.

אַך, וואָס פֿאַר עסן, וואָס פֿאַר אַ טרינקען מע גיט אונדז דאָ! דרײַ מאָל אַ טאָג. פֿיר מאָל אַ טאָג. פֿינף מאָל אַ טאָג. עס האָט גאָר קיין שיעור נישט. און צום מיינסטן עסן מיר דאָ "פּעטעיטעס * ".

איך זע אָבער, איר ווייסט נישט, וואָס הייסט עס "פּעטעיטעס". וואָס איז דאָס? און מיט וואָס עסט מען דאָס?

עסן עסט מען דאָס מיט ברויט און מיט געבראָטענעם הערינג, און אַ טעם האָט דאָס פֿון קאַרטאָפֿליעס.

דאָס הייסט, ס'איז טאַקע אונדזערע קאַרטאָפֿליעס, נאָר דאָ הייסט עס "פּעטעיטעס".

מײַן שווענגערין ברכה זאָגט אַפֿילו, זי זאָל האָבן די ברכות, וואָס אונדזערע קאַרטאָפֿליעס זײַנען בעסער און זיסער און געשמאַקער. נאָר ווער האָרכט זי, וואָס זי זאָגט? אַ פּנים, ס'איז דען פֿאַראַן אַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל איר געפֿעלן?

איך האָב מורא, אַז זי וועט קומען קיין אַמעריקע, זאָל איר אַמעריקע חלילה אויך נישט געפֿעלן.

וואָס דאַרפֿט איר מער - אַז אַפֿילו די וואַסערשטוב, וואָס מיר פֿאָרן אויף איר, זאָגט זי אויף איר אויך אַ חסרון. איך זאָל האָבן די ברכות, זאָגט זי, וואָס בײַ אונדזער לייזערן אין בויד איז בעסער! דאָרטן, זאָגט זי, אַז מע פֿאָרט, פֿאָרט מען. און דאָ שלעפּט מען זיך און מע שלעפּט זיך און סע נודעט אַרויס די נשמה. דער מאַמעס מילך, זאָגט זי, האָב איך זיי שוין אַוועקגעגעבן!...

- ז -

דאָס מיינט זי די קרענק, וואָס מיר האָבן געקרענקט דעם ערשטן טאָג פֿון אונדזער נסיעה אויפֿן ים. ס'איז געווען אַ שטורעמווינט און ס'האָט געוואָרפֿן אונדזער וואַסערשטוב העכער הײַזער. איז אונדז אַלעמען געוואָרן נישט גוט אויף צו חלשן. אַ סך האָבן טאַקע געחלשט. ערגער ווי געחלשט. געווען כּמעט ווי געשטאָרבענע. טײַבל, פּיניעס ווײַב, האָט מען געראַטעוועט מיט הייסע האַנטיכער. די מאַמע האָט געבעטן אויף זיך דעם טויט. מײַן ברודער אליהו איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ און געוויינט, ווי אַ קליין קינד. ברכה, זײַן ווײַב, האָט אַזש אויפֿגעהערט צו שילטן זיך. ס'איז איר פֿאַרגאַנגען אַזעלכעס, אַז זי האָט שוין גאָר פֿאַרגעסן, וווּהין זי פֿאָרט און וווּ זי איז אין דער וועלט. די גרינע גאַל האָט זי אַוועקגעגעבן!...

נאָר איין פּיניע האָט זיך געהאַלטן ווי אַ קאָזאַק. ער איז אַרומגעלאָפֿן, די הענט אין די קעשענעס. געקוקט דורך די ברילן אַרויף. איין הויז אַראָפּ, איין הויז פֿאַרקאַטשעט. דאָס האַלדזטיכל איז פֿאַרפֿאָרן ווייס איך וווּהין. ער האָט אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק איבערן צווישנדעק און האָט געמאַכט חוזק פֿון דער גאַנצער וועלט, גערעדט, געשאָטן מיט ווערטער: בהמות! פֿערד! אָקסן! ווייסן נישט, אַז ס'איז דאָ אַ "זאַקאָן פּריראָדע * "! אַז וויבאַלד עס וואַרפֿט מיך אַהער - דאַרף איך מיך נעמען אַהין. און אַז עס וואַרפֿט מיך אַהין - דאַרף איך מיר נעמען אַהער. דאָס איז דאָך אַ זאַקאָן פּריראָדע!...

אַ מחיה אָנצוקוקן אונדזער חבֿר פּיניען בעת ער קאָכט זיך. איך זאָל נישט מורא האָבן פֿאַר מײַן ברודער אליהו, און ס'זאָל מיר אַזוי נישט טאָן ווי טאָן דער קאָפּ, וואָלט איך אים אַראָפּגעכאַפּט מיטן בלײַערל אויף פּאַפּיר מיט די

הויזן און מיט די ברילן, ווי ער שפּאַנט אַרום און שרײַט "זאַקאָן פּריראָדע". עס וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט.

פיניע האָט אַזוי לאַנג געטענהט "זאַקאָן פּריראָדע", ביז ער האָט געמוזט אָפּטרעטן אויף אַ זײַט. אָנגעבויגן זיך און באַוויזן דעם אייגענעם "זאַקאָן פּריראָדע", וואָס אַלע...

דערנאָך, אַז ס'איז געוואָרן שטילער, אויס שטורעמווינט, און די זון האָט זיך באַוויזן - האָבן אַלע אויפֿגעלעבט. און פּיניע אויך בתוכם.

ער האָט שוין מער נישט גערעדט פֿון "זאַקאָן פּריראָדע".

- ח -

אַבי איך האָב געמיינט, אַז נאָר בײַ אונדז אין צווישנדעק איז אַ וועלט. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז אַחוץ אונדז, עמיגראַנטן, פֿאָרן אויף דער וואַסערשטוב נאָך אַ סך, אַ סך מענטשן.

צום מיינסטן פּריצים, שׂררות, אָפֿיצירן, גענעראַלן.

און רײַכע ייִדן. מיליאָנטשיקעס!

פֿון זייערט וועגן איז פֿאַראַן בײַ אונדז אין וואַסערשטוב באַזונדערע שטיבלעך. "קעבקעס * " הייסן דאָ די דאָזיקע שטיבלעך. איטלעכער אין אַ באַזונדער שטיבעלע.

אַ רחמנות - זיי קאָנען נישט זיצן אַלע אינאיינעם, ווי מיר, עמיגראַנטן, אויפֿן צווישנדעק. זיי, אַז זיי ווילן זיך זען איינס מיט דאָס אַנדערע, מוזן זיי אַרויסקריכן פֿון זייערע נאָרעס און אַרויפֿדראַפּען זיך העט-העט אויף טרעפּ אַרויף. און דאָרט איז פֿאַראַן אַזאַ זאַל, ווו מע גייט זיך צונויף אַלע מיליאָנטשיקעס אינאיינעם און מע רעדט און מע שמועסט און מע עסט.

איך וואָלט אַ בעלן געווען וויסן, וואָס עסן זיי? אויך "פּעטעיטעס" מיט געבראָטענעם הערינג?

איך וואָלט גלאַט אַ בעלן געווען אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך דאָרטן. איך בין דאָרטן נאָך נישט געווען, נאָר איך וועל זײַן, איך וועל געוויס זײַן.

איך וואָלט שוין לאַנג געווען דאָרטן - לאָזט מען מיך נישט.

אַביסל לאָזט נישט די מאַמע - זי האָט בײַ מיר גענומען אַ האַנט תּקיעת-כּף באַלד ווי מיר זײַנען אַרויף אויפֿן שיף, אַז איך וועל נישט אָפּטרעטן פֿון איר אויף אַ האָר. און אַביסל לאָזט מיך נישט מײַן ברודער אליהו. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז טאָמער וועל איך זיך דערוועגן ערגעץ גיין אָן זײַן וויסן, בלײַב איך אָן אַן אויער. דאָס הייסט, איין אויער וועט ער מיר אָפּרײַסן, דעם אַנדערן וועט ער מיר איבערלאָזן.

מאָלט אײַך, עס רעדט זיך נאָר אַזוי! וויפֿל מאָל האָט ער מיר צוגעזאָגט, נאָך אין לעמבעריק און אין ווין און אין אַנטווערפּן און אין לאָנדאָן, אַז ער מאַכט מיך פֿאַר אַ קאַליקע? דאָס זאָגט ער נאָר אַזוי בעת ער איז אין כּעס. דעמאָלט פֿלעגט ער זײַן כּמעט כּסדר אין כּעס. איצט שוין נישט. איצט איז ער מיטאַמאָל געוואָרן ווייך, ווי פּוטער. איך ווייס אַפֿילו פֿאַרוואָס. ער האָט אַלץ מורא געהאַט פֿאַר דער מאַמעס אויגן. טאָמער לאָזט מען זי נישט אַרויף אויפֿן שיף - וועלן מיר נישט קאָנען פֿאָרן קיין אַמעריקע.

האָט גאָט געטאָן אַ נס - מען האָט דער מאַמען דורכגעלאָזט. מע האָט איר אַפֿילו קיין קוק נישט געטאָן אין די אויגן אַרײַן. פֿאַרקערט - מע האָט זי נאָך אונטערגעשטופּט, זי זאָל שוין גיכער אַרויפֿגיין אויפֿן שיף מיט אירע פּעקלעך. פֿאַר פֿרייד האָט זי זיך דערנאָכדעם אַזש צעוויינט. האָט איר מײַן ברודער אליהו נאָכדעם פֿירגעהאַלטן: נו? וואָס האָב איך דיר געזאָגט? האָסטו באַדאַרפֿט פֿאַרגיסן אַזוי פֿיל טרערן?

ענטפֿערט אים די מאַמע אוןווישט זיך די אויגן:

- פֿון וואַנען ווייסטו, אַז דאָס האָבן נישט געמאַכט מײַנע טרערן?

און זי וויינט שוין ווידער!

ווערט מײַן ברודער אליהו אויסער זיך. ער בײַסט זיך די פֿינגער און רעדט צו איר שטיל, און מער אויף

לשון-קודש, בכדי די מאַטראָסן מיט די "סטיוּוואַרטס" זאָלן נישט פֿאַרשטיין:

- וויש אויס די עינים, וואָרעם איידער מיר הלכענען אַריַין אין דער מדינה, קאָן מען אונדז נאָך דרייַ מאָל זאָגן ... * השיבֿנו נאַזאַד

קאָן דאָך אָבער ברכה קיין עוולה נישט לייַדן. זאָגט זי צו אים:

- בייַס דיר אָפּ די צונג!

זאָגט איר אליהו:

- פּרה-אַדומה.

פֿרעגט אים ברכה:

- וואָס הייסט דאָס?

מישט זיך שוין אַרייַן אונדזער חבֿר פּיניע און פֿאַרטייַטשט איר די ווערטער "פּרה אַדומה":

- אַז דער מאַן איז אַ פּרא-אָדם, איז דאָס ווייַב אַ פּרה אַדומה.

ענטפֿערט אים ברכה:

- מע דאַרף נישט האָבן קיין גרעסערן פּרא-אָדם, ווי דו ביסט.

פֿאַרדריסט עס פּיניעס ווייַב, טייַבלען, און זי טוט אַ זאָג גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרייַן:

- גאָט האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן, איז ער געגאַנגען און האָט דעם גאַנצן שֿכל מיט דער גאַנצער חכמה אַוועקגעשענקט צו יונה דעם בעקער מיט זייַנע קינדער.

מאָלט אייַך, טייַבל וואָלט זיך ניט געענאַרט פֿון מייַן שוועגערין ברכה פֿאַר אַזאַ שטאָכוואָרט. האָט זיך געטראָפֿן אַ נס. ווער איר הערן, וואָס אין אַ וואַסערשטוב קאָן זיך פֿאַרלויפֿן.

- ט -

אַזוי ווי מיר זיצן און שמועסן זיך אויס, וואַקסט אויס, ווי פֿונעם ים אַרויס - טרעפֿט ווער? - נחמן דער סטאָליער.

איר דאַרפֿט אים געדענקען. דאָס איז דאָך טאָקע דער נחמן מיטן רויטן נאָגל פֿון לאַק, וואָס האָט געהאַט אַוועקגעקויפֿט בייַ אונדז אַמאָל די גלעזערנע שאַפֿע, בעת דער טאַטע, עליו-השלום, איז געלעגן קראַנק און ס'איז נישט געווען, מיט וואָס אים צו ראַטעווען.

נחמן איז געקומען דעמאָלט מיט זייַנע צוויי בנים, קאָפּל און מענדל, אַרויסגעטראָגן די שאַפֿע און צעבראָכן דאָס גלאָז.

דערזען אַ באַקאַנטן ייִדן, פֿון איין שטאָט, האָבן מיר זיך אַלע אַ לאָז געגעבן צו אים:

- רב נחמן! ס'איז איר?

- ווער דען?

- איר אויך דאָ?

- פֿאַר וואָס ניט?

- אויך קיין אַמעריקע?

- איך בין דען קיין ייִד ניט?

- וווּהין - קיין נעיאָרק?

- וווּהין דען?

און ס'איז אַוועק בײַ זיי אַ שמועס פֿון דער היים און פֿון דער נסיעה, און פֿון דער געגנבֿעטער גרענעץ, און פֿונעם קאָמיטעט, און פֿונעם אויגן-דאָקטער, און דער עיקר פֿון אונדזער שטאָט און פֿון אירע מענטשן - טויזנטער, טויזנטער באַקאַנטע. וואָס מאַכט דער? וואָס מאַכט יענער? ווער איז געבליבן אין דער היים און ווער איז אַרויסגעפֿאָרן קיין אַמעריקע?

לאָזט זיך אויס, אַז אַרויסגעפֿאָרן זײַנען אַהין כּמעט אַלע. אַך, ווי פֿריילעך עס דאַרף איצט זײַן אין אַמעריקע! מיר'ן קומען צו פֿאָרן, וועלן מיר טרעפֿן טויזנטער באַקאַנטע - די גאַנצע שטאָט! און אונדזער שכנטע פּעסיע די גראָבע, מיט איר מאַן משה דעם אײַנבינדער, מיט איר גאַנצער כאַליאַסטרע, און מײַן חבֿר הערשל, אָט דער, וואָס מען רופֿט אים "ושתּי". אַלע וועלן אונדז פֿאָרן אַקעגן. אַלע וועלן אונדז אָפּגעבן שלום-עליכם. ס'וועט אונדז זײַן גוט און ווויל און פֿריילעך.

ווי דערלעבט מען דאָס שוין! וויפֿל דאַרף עס נאָך געדויערן? וויפֿל טעג דאַרפֿן מיר נאָך זײַן דאָ, אין דער וואַסערשטוב?

ועמען פֿרעגט מען? מײַן ברודער אליהון - האָט ער פֿײַנט, אַז מע דולט אים מיט אַזעלכע זאַכן. ער קאָן אײַך אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש, אַז איר זאָלט זיך באַוואַשן!

פֿרעגן בײַ אונדזער חבֿר פּיניען? - האָט ער אַ טבֿע: אָדער ער ענטפֿערט אײַך מיט אַ שנעל אין ליפּ, אָדער מיט אַ ווערטל:

- אַז דו וועסט אַלצדינג וויסן, וועסטו גיך אַלט ווערן.

אָדער:

- מ'עט אַזוי לאַנג פֿאָרן און פֿאָרן, ביז מ'עט קומען צו פֿאָרן.

אָדער:

- זיץ רויִק. מ'עט דיר שיקן זאָגן דורכן שאַלאַטן-שמשׂ.

אָדער גאָר:

- וויש אָפּ די נאָז...

איכ'ל בעסער פֿרעגן בײַ דער מאַמען.

גיי איך צו דער מאַמען - וויינט זי! וואָס איז די מעשׂה? - נחמן דער סטאָליער האָט איר דערציילט, אַז יענטל איז געשטאָרבן.

דאָס איז אונדזערע אַ שכנה, און טאַקע אַ שטיקל אייגענע, מחותּנישאַפֿט.

אונדזער מחותּן יונה דער בעקער האָט געהאַט אַ שוועסטער, איטע-מייטע. זי איז שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט. איז דאָס אירע אַ שנור, אַ געוועזענע שנור. זי האָט מיט איר מאַן געהאַט געגט זיך און נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, דווקא פֿאַר אַן אַלמן, און דווקא גוט געטראָפֿן, אָן קינדער. דאַרף זיך טרעפֿן אַן אומגליק: זי צינדט אָן אַ לעמפּל, פּלאַצט דאָס גלעזל. כאַפּט דער רוח דאָס גלעזל. ניין! שרעקט זי זיך איבער און לאָזט אַרויס דאָס לעמפּל. גיסט זיך אויס דער קעראָסין. צינדט זיך אָן אויף איר דאָס קליידל און הייבט אָן ברענען. נעם זשע און וואַרף אַראָפּ דאָס קליידל - ניין! לויפֿט זי אַרויס אין דרויסן און מאַכט אַ גוואַלד, צעלאָזט זיך דאָס קליידל און עס צעבלאָזט זיך דאָס פֿײַער נאָך שטאַרקער. וויל מען זי ראַטעווען - לאָזט זי זיך ניט. לויפֿט און שרײַט: "ייִדן, ראַטעוועט!" ברענט זי ווי אַ ליכט. געוואָרן שוואַרץ, ווי אַ האָלעוועשקע. דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט געמוטשעט זיך און ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג געשטאָרבן.

- י -

- ברוך דיין אמת! ווער בעט אײַך איר זאָלט דערציילן אַזעלכע מעשׂיות, בכדי מײַן מאַמע זאָל האָבן וואָס צו

באַוויינען און אויסוויינען דאָס לעצטע ביסל אויגן?

אַזוי זאָגט מײַן ברודער אליהו און פֿאַלט-אָן אויפֿן סטאָליער.

פֿאַרענטפֿערט זיך דער סטאָליער, אַז ערשטנס, וועלן מיר אַלע שטאַרבן. קיינער וועט זיך פֿונעם מלאך-המות ניט אויסדרייען, ניט אויסקויפֿן און ניט אויסבאַהאַלטן זיך. און וועמען דער טויט איז באַשערט, וועט ער אים אַפֿילו אין אַמעריקע אויך טרעפֿן, ווי מיר האָבן געזאָגט הײַנטיקן ראָש-השנה אינעם ונתנה-תּוקף: מי באֵש ומי בּמים...

שלאָגט אים איבער מײַן ברודער אליהו:

- איר זײַט דען געוואָרן אַ מגיד, וואָס איר האָט זיך אַוועקגעשטעלט זאָגן מוסר? איר זײַט, דאַכט זיך, געווען אַמאָל אַ ייִד אַ סטאָליער.

- געווען אין דער היים אַ סטאָליער, און מיט סטאָליערײַ וועל איך זיך פֿאַרנעמען אין אַמעריקע.

- וואָס זשע האָט איר זיך דערמאָנט פּלוצעם ונתנה-תּוקף?

- וואָס הייסט? ס'איז דאָך עפּעס הײַנט עשׂרת-ימי-תּשובֿה אויף דער גאַנצער וועלט!...

שאַט! איך האָב גאָר פֿאַרגעסן, אַז מיר האָבן זיך אויפֿגעזעצט אויפֿן שיף באַלד נאָך ראָש-השנה, און אַז מיר האָבן איצט עשׂרת-ימי-תּשובֿה! אויב אַזוי, האָבן מיר דאָך באַלד יום-כּיפּור.

נישט שוין זשע וועלן מיר האַלטן יום-כּיפּור אָט דאָ, אין דער וואַסערשטוב? אָט דאָ וועלן מיר שלאָגן כּפּרות? אָט דאָ וועלן מיר זיך פֿאַרפֿאַסטן און אָפּפֿאַסטן? אָט דאָ וועלן מיר דאַווענען? זיך שלאָגן על-חטא? און ווו וועלן מיר נעמען אַ חזן? אַן עמוד? אַ ספֿר-תּורה? און אַ שופֿר אויפֿן לעצטן בלאָז? און חלש-טראָפּנס? און נאָך און נאָך אַ סך אַזעלכע זאַכן, וואָס מע קאָן זיך אָן דעם יום-כּיפּור נישט באַגיין?

אין וואַסערשטוב יום-כּיפּור?

יום-כּיפּור אויפֿן וואַסער?!...